פארטיי „סאציאליסטען רעוואליוציאנערען".

---

„אים קאַמפף וועסטו דיין רעכט ערווערבען".

# אים קאמפף.

א זאממעלבוך.






1905

דרוקעריי פֿון דער פּאַרטי סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען.

# אינהאלט:



---

# די אידישע אויסגאבען פון דער פארטיי „סאציאליסטען רעוואליוציאנערען".



---

# א נייע ליעד.

אַ׳ן אמת׳ער קעמפפֿער פֿאַר פֿריי־הייט איז ווער?
פֿאַר וועמען עס איז שוין קיין אָפּפֿער ניט שווער!
ביי וועמען די האַנד איז פֿון אייזען געגאָססען
און ווער עס קען שיססען און ווערען דערשאָסען!...
זינגט, חברים, זינגט נייע פֿרייע ליעדער!
טרינקט, חברים, טרינקט! נאָך אַ כוסה, ברידער!

ס׳איז קורץ ווי אַ בליץ אונזער לעבען אין שטרייט
דערפֿאַר לייכט אַ בליץ אָבער נאָהענט און ווייט
זיין ברען אין דעם חשך איז גרוויזאַם און שעהן
דערצו נאָך קומט קיינמאָל קיין בליץ ניט אַלליין.
זינגט, חברים, זינגט, א. ז. וו.

ס׳בעגלייט איהם זיין חבר, דער מעכטיגער העלד,
דער דונער פֿאַר וועלכען עס ציטערט די וועלט.
דער בליץ און דער דונער זיי זאָגען אַייך אָן:
דער שטורעם פֿון קאַמפף און פֿון ראַבע קומט אָן.
זינגט, חברים, זינגט. א. ז. וו.

עס זיינען אים קאַמפף שוין פֿיעל העלדען געפֿאַלען,
נאָר בלוט פֿון גבורים ווערט קיינמאָל פֿערפֿאַלען
עס געהט אַ מלחמה אין הויז און אין גאַס,
עס ברענט און עס פֿלאַקערט צום שונא דער האַס!
זינגט, חברים, זינגט. א. ז. וו.

דער פֿיינד איז שוין שכור פֿון מענשליכעס בלוט
ער הייבט אָבער אָן צו פֿערליערען די מוטה!
ער האָט שוין בעקומען אַ טויטליכע וואונד
און פֿיהלט, אַז ער געהט שוין פֿערלאָרען צום גרונד!
זינגט, חברים, זינגט, א. ז. וו.

טיראַנען! דער קבר פֿאַר אַייך איז שוין גרייט
עס ליעגט שוין ביי אַייך אויף דעם פנים דער טויט.

איהר זוייפּער פֿון בלוט און פֿון אַרבייטער שווייס!
אַייך היט אַ מפלה, ווי קליין אַזוי גרויס!
זינגט, חברים, זינגט, א. ז. וו.

עס האָט שוין געבלאָזען פֿון שטרייט דער טרומייט
מיר זיינען בעוואָפֿענט, מיר זיינען שוין גרייט!
באַלד וועט זיך הערען אַ דונער, אַ טראַך...
אַ מעסער... אַ בראָנינג... און נאָך אַ מין זאַך...
זינגט, חברים, זינגט, א. ז. וו.

נאָר וואַרט נאָך אַ רגע! דער מוטער אַ קוש
דער כלה, דער שוועסטער אַ שטומען געֿרוס.
אַ האַנדדרוק אַ שטאַרקען דעם חבר, דעם פֿריינד—
און פֿאָרווערטס אַנטקעגען דעם בלוטיגען פֿיינד!!
זינגט, חברים, זינגט, נייע פֿרייע ליעדער!
טרינקט, חברים טרינקט! נאָך אַ כוסה, ברידער!!

**ז. סינאנני.**

## סלו—שא—אי!!

(פֿון מ. מיהאַילאָוו).

———

ווי שוואַרצע מחשבות ביים מסור אין זינען
איז פֿינסטער פֿון טיעף הערבסט די נאַכט
נאָך שוואַרצער פאַר איהר איז די תפיסה, דער בנין
וואָס שטעהט ווי אַ דמיון פֿערטראַכט.
עס געהן אום רונד און אַרום איהר די וועכטער
און עס הערט זיך דער לאַנגזאַמער שראַי.
ווי עמיצער שרייט אונטער מעססער ביים שעכטער:
סלו-שאַ אַי!! סלו-שאַ-אַי!!

———

כאָטש הויך איז די וואַנד ביים פֿינסטערן מויער,
די שלעססער—גענאָסענע שטאָהל,
כאָטש אַלץ איז פֿערזונקען אין אומעט, אין טרויער
מען הערט ניט קיין מענשליכען קול,—
און דאָך איז די תפיסה נאָך ווייט ניט געשטאָרבען.
דו, וועכטער, פֿערדרעמעלט ניט זיי.
ניט גלויב, אַז אין תפיסה שלאָפֿט רוהיג אַ קרבן.

סלו-שאַ-אַי!! סלו-שאַ-אַי!!

——

אָט שטעהט דער פֿערהאַפֿטער ביים פֿענסטער דעם הויכען
דער קאָפּ ביי דעם גריל... שטאַרק פֿערטראַכט,
די ברענענדע אויגען פֿון פנים דעם בלייכען
פערזונקען אין חושך פֿון נאַכט.
ס׳איז שטיל, נאָר עס שרייט ווען ניט ווען אויס אַ שפּאַרבער,
צי ס׳הערט זיך אַ הונד׳ס בילעריי
און ס׳ציהט זיך דער נגון דער טרויעריגער-האַרבער:

סלו-שאַ-אַי!! סלו-שאַ-אַי!!

——

„ניט טעג, ניט חדשים, נאָר יאָהרען און יאָהרען
„בין איך דאָ אין תפיסה פערשמידט!
„מיין האַרץ איז אָהן פֿרייהייט צואוועהטיגט געוואָרען...
„ניין! ליידען מעהר קען איך שוין ניט!
„אָט דאָרט, הינטער וואַנד איז די הייליגע פֿרייהייט
„און דאָ—נאָר אַ שפּיז אָדער בליי...
„אָ פֿינסטערע נאַכט! דו בעווייז מיר דיין טרייהייט"

סלו-שאַ-אַי!! סלו-שאַ-אַי!!

——

אַ שפּרונג און אַ פֿאַל, געבע טריט און אַ שטורעם
אַ קנאַק און אַ בליאַסק און אַ שאָס!...
די תפיסה ערוואַכט, און צו איין אָרט פֿון טהורעם
גיבען זיך אַללע אַ לאָז.
עס הערען זיך קולות, עס דונערט אַ קללה.

„אָ, פֿרייהייט... אָ, לעבען... פֿאַרביי!״
דאָס איז דעם דערשאָסענעמס לעצטע יללה.
סלו-שאַ אַי!! סלו-שאַ-אַי!!

---

און ווידער אַלץ שטיל... נאָר די בלייכע לבנה
ט׳געגעבען פֿון וואָלקען אַ בליק
און ווי אַ פֿערצאָגטע, פֿערוויינטע אלמנה
בעהאַלטען דעם פּנים צוריק.
און ווידער אין תּפיסה איז אַלץ ווי געשטאָרבען
און עס יאָמערט דער קול אויף דאָס ניי
ווי עמיצער קלאָגט אויף דעם הייליגען קרבן...
סלו-שאַ-אַי!! סלו-שאַ-אַי!!

---

ז. סינאַנני.

# דער סך הכל פֿון דעם טעראָריסטישען קאַמפּף.

מיט אָנדערהאַלבען יאָהר צוריק איז רוסלאַנד געווען בעדעקט מיט אַ געדיכטען שלייער פֿון פֿינסטערניס. עס האָבען זיך נאָר געהערט די ערשטע ווייטע און אונקלאָרע קולות פֿון דעם אָנקומענדען שטורעם-ווינד, די פּאָלטאַווער און האַרקאָווער פּויערים זיינען אויפֿגעשטאַנען און האָבען בקול-רם געפֿאָדערט ערד, די אַרבייטער פֿון פּעטערבורג און מאָסקווע, פֿון צפון און דרום, פֿון פּוילען און פֿינלאַנד האָבען זיך אויפֿגעהייבען פֿאַר דער פֿרייהייט און די רויטע פֿאָהן, די פֿאָהן פֿון ערד און פֿרייהייט, ברידערליכקייט און גלייכהייט, סאָציאַליזם און רעוואָליוציע האָט שוין געפֿלאַטערט אין די הענד פֿון גערשוני און באַלמאַשאָוו.

און אַליץ טאַקי איז אַרום און אַרום געווען חושך ואפלה. און אַליץ טאַקי האָט געהאַנגען איבער דעם אויסגעמאַטערטען און מיט בלוט בעגאָסענעם לאַנד ווי אַ שוואַרצע כמאַרע די זעלבסטהערשונג, די זעלבסטהערשונג פֿון פּלעהווע און ניקאָלאַיען, דעמיעניגען ניקאָלאַיען, וועלכער שאַנעוועט קיינעם ניט און וועלכען דער פֿאָלקס צאָרן וועט אויך ניט שאַנעווען... ווער וואָלט זיך דאַמאָלס וואַגען פֿאָראויס צו זאָגען, וואָס שפּעטער וועט פֿאָרקומען? ווער האָט זיך געקענט דאָס פֿאָרשטעלען, אַז עס וועלען אָנשטעהן די יאַנואַר-טעג, אַז פֿון אַ רוססישען פּאַנצער-שיף, אויף וועלכען עס פֿלאַטערט די אַנדרעיעווסקע פֿאָהן, וועלען פֿליהען גראַנאַטען אין אַ רוססישער שטאָדט אין אַדעססע, אַז אַזוי גיך וועט אויסברעכען דער שטורעם פֿון דער רעוואָליוציע און דער קיסר, דער לא יוצלח׳דיגער געפֿאַנגענער פֿון דעם פּאַלעץ אין פּעטערהאָף, וועט אַזוי מיאוס און מיט אַזוי פֿיעל בזיונות אונטערגעבען זיך דעם פֿאָלק?...

דער 15-טער יולי האָט איבערגעלאָזען אַ בעדייטענדען צייכען אין דער געשיכטע פֿון רוססלאַנד. יעגאָר סאַזאָנאָוו האָט גע׳הרג׳עט ניט נאָר פּלעהווען אַלליין. ער האָט גע׳הרג׳עט די זעלבסטהערשונג, איהר נשמה און איהר עצם. זייענדיג נאָך קנעכט, האָבען מיר פֿערשטאַנען, וואָס בעטייט פֿרייהייט. ניט גלויבענדיג אין דעם נאָהענטען סוף, האָבען מיר שוין געוואוסט, אַז די שטונדע פֿון ניקאָלאַיען האָט שוין געשלאָגען. טאַפּענדיג נאָך אין דער פֿינסטער, האָבען מיר שוין געזעהען די העלע שטראַהלען פֿון דער אויפֿגעהענדער זונן.

דער שאָס פֿון קאַרפּאָוויטש איז געווען דער ערשטער רוף צום קאַמפּף, ער האָט געוויזען דעם וועג, ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם גאַנג פֿון

דער געשיכטע. באָגאָליעפּאָוו איז אויסגעראַמט געוואָרען, דער טעראָר איז געבאָרען געוואָרען. גערשוני האָט איהם בעקומען בירושה. ער איז דרייסט געגאַנגען אויף דיעזען וועג, הגם קיינער האָט איהם ניט פּערשטאַנען, ער איז געגאַנגען אויף איהם מיט גרויס שטאָלצקייט, הגם נאַראָנים האָבען איהם אויסגעלאַכט, איהם האָט דאָס ניט געאַרט. זייערע זידלערייען און זייער געלעכטער זיינען געווען מעהר ניט ווי שטויב אויף אַ גוט-דורכגע-טראָטענם וועג. ער, דער גרויסער רעוואָליוציאָנער, האָט זיי אפילו ניט בעמערקט, ער האָט ניט געקוקט אויף קיינע שוועריגקייטען און האָט דורכ-געלייגט אַ וועג פאַר סאַזאָנאָווי'ן.

קיינמאָל האָט נאָך קיין הערשער ניט צוגעצויגען צו זיך אַזוי פּיעל האַס. קיינמאָל האָט נאָך קיין מענש ניט פּערדיענט אַזוי פּיעל פּעראַכטונג. קיינמאָל האָט די זעלבסטהערשונג ניט געהאַט אַזאַ מין דיענער. דאָס לאַנד האָט געזיפּצט און געקרעכצט פון דעם יאָך, מיט בלוט זיינען בע-גאָסען געווען די גאַססען פון די שטעדט און אומזיסט זיינען הונדערטער קעמפּפּער אומגעקומען פאַר דער פריהייט. די בלייערנע האַנד פון פּלעהוועה האָט אַלץ געוואָרגען און געשטיקט. ווי אַ דעק פון אַ קבר האָט זי געדריקט דעם אויפגעוואַכטען פאָלק. די פינסטערניס איז געוואָרען נאָך געדיכטער און עס איז געוואָרען אונמעגליך צו לעבען.

דאַמאָלס איז סאַזאָנאָוו געגאַנגען שטאַרבען. ער האָט גע'הרג'עט ניט נאָר פלעהווען אַליין. ער האָט ארייגעשטאָכען אַ מעסער ניקאָלאַיען אין רעכטען מיטטען האַרצען.

דעם 15-טען יולי האָט די זעלבסטהערשונג אָנגעוואָרען ניט נאָר איהר טייערסטען פון די געקייפּטע דיענער, — ניין, זי האָט אָנגעוואָרען דאָס, וואָס מען קען ניט קויפען פאַר קיינע אוצרות אויף דער וועלט, פאַר קיינע מטמונים, — זי האָט אָנגעוואָרען איהר גדלות, איהר גרויסקייט פון איהר מאַכט, די גרויסקייט פון יענער מאַכט, וועלכע עס איז אונמעגליך צו בעקעמפּפען און וועלכע ווערט ניט נתפעל פאַר קיין זאַך אויף דער וועלט.

דער דינאַמיטען-טעראָר איז אַריין אין לעבען, ער איז געוואָרען אַ ווירקליכע זאַך, און ניקאָלאַי, וועלכער איז בעשפּריצט פון קאָפּף ביז די פּיס אין בלוט, האָט דעם ערשטען מאָל דערפּהילט, וואָס בעטייט בלוט און דעם ערשטען מאָל האָט ער פּערשטאַנען, אַז בלוט רופּט אַרויס בלוט.

אַ טויט שרעקענים האָט אָנגעהויבען הערשען אין פּאַלעין פון דעם קיסר, אַזאַ מין שרעקענים, וועלכע עס האָט דאָרטען געהערשט נאָך דעם 1-טען מערץ. די שרעקענים איז אַ שלעכטער סימן. דורך יענע טהירען, דורך וועלכע זי דרינגט אַריין, קומט באַלד נאָך איהר דער טויט. און אין פּעטערהאָף האָט זיך אָנגעהייבען די גסיסה.

נאָר דאָס איז נאָך ניט אין גאַנצען. דעם 15-טען יולי איז געפאַללען די זעלבסטהערשונג. זי האָט זיך געהאַלטען פון יעמאָלט אָן ניט מחמת

איהרע אייגענע אינוועניגסטע כחות, — זי האָט זיך געהאַלטען, ווייל די רעוואָליוציע איז געווען נאָך צו שוואַך, ווייל דאָס פּאָלק איז נאָך ניט מוכן ומזומן געווען צו שטאַרבען פאַר דער פריייהייט. אָבער די רעוואָ-ליוציע האָט אַלץ געהאַלטען אין איין וואַקסען און דאָס פּאָלק האָט זיך אָנגעהייבען גרייטען צו איהר. סאַזאָנאָוו האָט אויפגעוועקט די פערשלאָפענע, ער האָט אין דער רעוואָליוציע אַריינגעבלאָזען אַ מורא׳דיגען כח, ער האָט אויפגעלעבט די האָפנונגען און מיט דעם טויט פון דער זעלבסטהערשונג האָט ער אָבגעלעבט די רעוואָליוציע.

עס איז אָנגעשטאַנען דער קורצער פעריאָד פון די רעדעס, דער פעריאָד פון ווערטער און פון שטאַמעלדיגע רייד. די שיפּאָוו׳ן און די סטרואוועס זיינען אַרויסגעטראָטען אויף דער סצענע. זיי האָבען אָנגעהויבען ריידען, אָבער זייער רייד זיינען געווען רייד פון קנעכט, זיי האָבען אַלץ געהאָפט אויף דעם קיסר און אויף זיינע נייע מיניסטאָרען. זיי האָבען גערעדט און דאָס פּאָלק האָט געשוויגען. זיי האָבען גערעדט און דאָס פּאָלק האָט שטילערהייד געשמידט אַ פאַנצער. זיי האָבען גערעדט און דאָס פּאָלק האָט זיך געלערנט, ווי צו קעמפפען בעוואָפענטערהייד.

געדולד האָט אויך אַ גרעניץ, ווי עס האָבען אַ גרעניץ ענטשלאָסענ-הייט און קראַפט. דער 9-טער יאַנוואַר האָט איבערגעפילט דעם כוס פון דעם פאָלקס צאָרן. דער טויט פערוואונדעטער דעספּאָטיזם האָט שטאַר-בענדיג גענומען נקמה און בעת ער האָט נקמה גענומען האָט ער גע-פייערט מיט בלוט דעם נאָהענסטען טאָג פון זיין לויה. דאָס פּאָלק האָט דאָס פערשטאַנען און האָט זיך גענומען פאַר געוועהר.

קאַליאַיעוו האָט אָנגעוויזען אויף איהם. קאַליאַיעוו האָט אין קרעמער בעוויזען, ווי מען דאַרף קעמפפען: שטאַרבען און אויסראַמען די שונאים פון דער וועלט, ניט בעטען זיך ביי זיי און קיין רחמנות אויף זיי אויך ניט האָבען, ניט מורא האָבען ניט פאַר דעם קיסר און ניט פאַר דעם דינאַמיט.

מיט אָנדערהאַלבען יאָהר צוריק זיינען געגאַנגען נאָר איינצעלנע מענשען, די בעסטע קינדער פון דעם לאַנד, מיט געוועהר אין די הענד אויסקעמפפען פאַר זיך און פאַר דעם פּאָלק די פריייהייט. זעלטען, אין דער פינסטער, פלעגען זיך הערען קולות פון קאַמפף. אין אופאַ (וואו מען האָט געטויט דעם גובערנאַטאָר באָגדאַנאָוויטש, די רעוואָליוציאָנערען האָט מען ניט ענטדעקט עד היום), נאָכדעם אין בעלאָסטאָק, אין בערדיטשעוו און אין וואַרשא האָט מען פאָרגעזעצט געהן אויף דעם וועג, וועלכען עס האָט אָנגעוויזען קאַרפּאָוויטש און גערשוני. דאָס פּאָלק האָט נאָך ניט געוואַגט זיך אַרויסטרעטען אויף איהם. ער האָט געוואַרט ביז דער לעצ-טער מינוט און, אַז ער האָט שוין ניט געקענט אַריבערטראָגען, האָט ער זיך גענומען פאַר דעם שווערד.

און עס איז אָנגעשטאַנען די עפּאָכע פון דעם טויטס-קאַמפף, עס איז אָנגעשטאַנען דער שרעקליכער יום הדין, וואו געפינען זיך אַזוינע כחות,

וועלכע זאָללען זיין אימשטאַנד אָבשטעלען דעם שטורעם און ווער איז דאָס בכח איינהאַלטען דעם פֿאָלקס צאָרן ? די זעלבסטהערשונג איז שוין געגאַנגען צום גרונד און טרעפּאָוו, דיעזע לעבערליכע קאַריקאַטור פֿון פֿאָן פלעהווע, האָט מעהר ניט געקענט, ווי הייגגען און טויטען, אָבער ניט מנצח זיין און רעגיערען.

ניקיפֿאָראָוו און פערסין, האָהענטאַל און פּראָקאָפּע, אָקרשזעאי און דאָבראָוואָלסקי, אידען און רוססען, פּאָליאַקען און פֿינלענדער — האָבען זיך אַללע גענומען פֿאַר דעם שווערד און די פֿאָדערשטע קעמפּפֿער האָבען זיך אַריינגעמישט אין די רייהען פֿון דעם אויפֿגעשטאַנענעם פֿאָלק. דער טעראָר האָט אויפֿגעהערט צו זיין נאָר אַ פֿערמעגען פֿון איינצעלנע מענשען, אַ דאָרן-קראַנץ פֿון די שזעליאַבאָוו׳ס און פעראָווסקי׳ס, ער איז שוין אַריין אין די פֿלייש און די בלוט פֿון דער מאַססע, ער איז געוואָרען איינער פֿון די מיטלען פֿון דעם גרויסען קאַמפּף פֿאַר פֿרייהייט, איינער פֿון די מיטלען—אָבער ניט דער לעצטער מיטעל.

עס האָבען זיך אָנגעהייבען אויפֿהייבען די טיעפֿע מאַססען. זיי האָבען געבויט באַריקאַדען און מיט׳דער פֿאָהן אין האַנד זיינען זיי געשטאָרבען. זיי האָבען זיך אָנגעהייבען צונויפֿזאַמלען אויף די פֿערשיעדענע פלעצער פֿון די שטעדט און אָפֿען פֿאָדערען די פֿרייהייט. זיי האָבען געשטרייקט אימּמער און אומעטום. זיי האָבען זיך ניט געדעכענט ניט מיט די יסורים, וואָס זיי קומט אויס אַריבערצוטראָגען, ניט מיט די קרבנות און ניט מיט דעם לעבען אַלליין. העלל האָט געלויכט אין די שטעדט די פֿאָלקס רעוואָליוציע, דומפּט האָט געקרעכצעט דאָס פּויערענטהום.

און אין דעם לאַנד האָבען זיך געלאָזען הערען קולות פֿון שיסעריי און געפּלאַצטע באָמבען, פֿון געפּלאַצטע באָמבען און שיסעריי. דאָס גאַנצע לאַנד איז אויפֿגערודערט געוואָ׳ען פֿון די שווערע אונרוהען און האָט מיט גרויס פֿרייד נאָכגעקוקט נאָך דעם קאַמפּף פֿון איינצעלנע מענשען, וועלכע זיינען שוין געווען צוזאַמענגעגאָסען מיט׳ן פֿאָלק; דאָס לאַנד האַט נאָכגעקוקט נאָך דעם וואַקסענדען טעראָר, נאָך דעם טעראָר פֿון דער מאַססע.

די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ״ האָט אונז איבערגעלאָזען איהר צוואה. זי האָט איבערגעלאָזען בירושה איהר פֿאָהן, די פֿאָהן פֿון דעם טעראָר. קאַרפּאָוויטש האָט זי אויפֿגעהייבען, גערשוני האָט זי מיט שטאָלץ פֿאַנאַנדערגעוויקעלט, סאַזאָנאָוו, קאַליאַיעוו און סיקאָרסקי האָבען מיט זייער בלוט זי בעלויכטען אין דער צייט, ווען זי איז אויף אַ ווייל פֿערדונקעלט געוואָרען. די ניקיפֿאָראָוו׳ן און די אָקרשזעאי׳ס האָבען, שטאַרבענדיג, איבערגעגעבען זי די מאַססען. דאָס פֿאָלק האָט אויסגעשטרעקט זיין אָרים און דיעזע פֿאָהן וועט שוין קיינמאָל ניט פֿערדונקעלט ווערען. ווער עס געהט ניט מיט דעם פֿאָלק, יענער איז געגען איהם. שלעכט וועט אויסקומען יענע, וועלכע זיינען מבטיח אָבער זיינען ניט מקיים. דאָס פֿאָלק, דאָס צאָרניגע און פֿרייע פֿאָלק, וועט קענען איינהאַלטען אין זיינע

הענד די פֿאָהן, וועלכע ער האָט געקויפֿט מיט זיין בלוט, און ווען ער וועט זי איינהאַלטען, וועט ער אויך קענען ניט שאַנעווען יענע, וועלכע וועלען האָבען די העזה צוריהרען זיך צו איהר מיט זייערע בעשמוצטע הענד.

# די ערשטע קאפיטוליאציע.

עס האָט געשעהען! די רעגיערונג האָט דעם ערשטען מאָל אונטער-געגעבען זיך און אַיינגעבייגט איהר קאָפּף פֿאַר די קרעפֿטען פֿון דער רעוואָליוציע; דיעזער אונטערגעבען זיך איז שוין אַ ווירקליכע געשעהע-ניש, די בעדייטונג פֿון דיעזען פֿאַקט וועט ערשט אַ־ויסווייזען זיך דאַ-מאָלס, ווען מיר וועלען זעהען די היסטאָריש-רעוואָליוציאָנערע רעזולטאַ-טען פֿון דיעזער געשעהעניש... מיר זאָגען די „רעוואָליוציאָנערע רעזולטאַ-טען", ווייל קיין פֿריעדליכע קענען זיי כמעט ניט זיין.

אין יענער צייט, ווען אונזערע קלוגע און ווייטזיכטיגע ליבעראַלען זיינען שוין מסכים געוואָרען צו נעהמען אַ'ן אַנטהייל אין דער קאָמעדיע" פֿון בוליגינס וואַהלען און האָבען פֿעררעכענט פֿאַר „משגע'נע פֿאַנאַטי-קער" יענע מענשען, וועלכע זיינען פֿעסט געשטאַנען אויף דעם שטאַנד-פונקט פֿון באָיקאָט—האָט דער מזל אַלליין אָבגעלאָכט פֿון זייער „מלוכה קלוגשאַפֿט", און צוזאַמען מיט דעם דונערענדען פאַטש, וועלכען ער האָט געגעבען בוליגינס קונצמאַכעריי, האָט ער אויך געגעבען אַזאַ מין פאַטש אַלע יענע מענשען, וועלכע זיינען שוין מוכן ומזומן געווען אַיינבויגען זיך און אַיינקנויטשען זיך, כדי דורכקריכען דורך דער נאָדעל-לעכעל פֿון בוליגינס גאָסודאַרסטווענע דומע. די געשיכטע האָט ווידער אויפֿגעוויזען, אַז „די משגע'נע פֿאַנאַטיקער" זיינען גערעכט געווען; זייער טאַקטיק האָט מנצח געווען אין גאַנצען; נאָך אַ מאָל איז בעוויזען געוואָרען, אַז „די קלוגשאַפֿט פֿון לעבען איז די ענטשלאָססענהייט פֿון די מוטהיגע". אָט די אַללע „געזעצענמאַכערס", ווי בוליגין מיט זיין קאָמפּאַניע, האָבען נאָך קיין צייט ניט געהאַט דורכפֿיהרען אין לעבען דעם נייעם געזעץ, ווי דער מעכטיגער רעוואָליוציאָנערער שטראָם האָט געצווינגען די רעגיערענדע קריי-זען אויף גיך אומענדערען איהם, צובויען צו איהם אַ נייעם בנין און אַלץ איהם נאָמען פֿון דעם „פֿעסטען ווילען" פֿון דעם קיסר, וועלכער איז בעצם קיינמאָל ניט פֿעסט געווען אין אַזוינע פֿערלאַנגען און האָט קיינמאָל קיין ווילען ניט געהאַט דורכפֿיהרען עפעס וואָס ווי דער סדר איז, רוססלאַנד ווערט אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכה—דאָס איז געוויס; די קאָנסטיטוציע ווערט „געשענקט" פֿון אויבען און דעריבער בעקומען מיר אויף אונזער הלק אַ ערגערע קאָנסטיטוציע פֿון די אַללע איבעריגע

קאָנסטיטוציעס, וואָס עקזיסטירען אויף דער וועלט,—דאָס איז אויך געוויס. די רעגיערונג האָט בעקומען אַ מאָראַל-פּאָליטישע מפלה, זי אַיילט אָנצו-נעהמען אַזוינע מיטלען, כדי בעצאָהלען זיך פאַר איהר וואָס וועלוועלער, און דערביי לאָזט זי אויך ניט אַרויס פון זינען דעם געדאַנק, אַז זי זאָל קענען שפּעטער נוקם זיין זיך פאַר דער מפלה.

פאַר דער זעלבסטהערשונג זיינען פאָרגעשטאַנען פיער וועגען אויף וועלכע זי האָט געזאָלט אַרויפטרעטען אין דער צייט, ווען די מאַססען-רעוואָליוציאָנערע בעוועגונג וועט זי אַרומרינגלען פון אַללע זייטען. דער ערשטער וועג, אויף וועלכען די רעגיערונג האָט שוין איינמאָל געפּראוווט זיך צו טרעטען, וואָלט געווען דער בעסטער, אויב די בעוועגונג וואָלט באמת טאַקי ניט געווען קיין פּלאַנמעססיגע און דאָס פאָלק וואָלט גע-טאַפּט אין דער פינסטער און וואָלט ניט געוואוסט וואהין צו געהן. דיע-זער וועג איז אַ איינפאַכער און אַ קלאָרער. בייקומען די בעוועגונג מיט „אויסהונגערען". ווען די רעגיערונג וואָלט אָנגענומען אַזאַ מין טאַקטיק, וואָלט זי געדאַרפט אַ ביסעל אָבוואַרטען און אויף וויפיעל מעגליך איז ניט אונטערגיסען אויל אין פייער און רעכענען אַלץ אויף דעם, אַז די מאַססען וועלען גיך אַיינמידען זיך, זיי וועלען ניט אויסהאַלטען אַזאַ לאַנ-גע נערוועז-אָנשטריינגונג, זיי וועלען אויסשעפּען זייער אָנגעזאַמעלטע אינוועניגסטע ענערגיע און וועלען ביסלעכווייז אָבקיהלען. דער תוכן פון דיעזער טאַקטיק איז—וועניג וואָס אַיינהאַלטען די בעוועגונג, געבען איהר אַ וועלכען עס איז אויסוועג און צוליעב דיעזען ציעל אָבעפענען וואו ניט וואו אַ דעקעל, כדי דער דאַמפף זאָל קענען אַרויסגעהן. אויב די רע-גיערונג וואָלט געהאַט וואָס צו טהאָן מיט אַ פאַרבייגעהענדער מאַססען-אויפהייבונג, וואָלט אַזאַ מין טאַקטיק אָהן אַ שום ספק דערגרייכט איהר ציעל. די רעגיערונג האָט זיך טאַקי געפּרואווט דורכפיהרען דיעזע טאַק-טיט, נאָר זי איז דורכגעפאַלען. זי האָט א טעות געהאַט אין חשבון און האָט לכתחילה ניט ריכטיג אָבגעשאַצט די בעוועגונג. דיעזע בעוועגונג איז אין דער אמת'ן טאַקי געווען אַ מעכטיגע רעוואָליוציאָנערע בעוועגונג. וועלענדיג אָבשוואַכען די מאָראַלע כחות פון דער בעוועגונג האָט די רעגיערונג זיי ניט צוגעמאָסטען צו דער גרויס פון איהרע זעלביגע „מאָראַ-לע" כחות, מיט וועלכע זי אַלליין בעזיצט. וועללענדיג אויסשעפּען די פסיכישע ענערגיע פון די פיינדליכע עלעמענטען האָט זי אין דערזעלבי-גער צייט אויסגעשעפּט די פּסיכישע ענערגיע, וועלכע עס געפינט זיך אין איהר אייגענעם רשות. די טאַקטיק, וועלכע וואָלט ביי אַנדערע אומ-שטענדען אויסגעוויזען זיך פאַר אַ צוועקמעסיגע, האָט איצטער ניט גע-געקענט אָנגעווענדעט ווערען...

זעהענדיג בייצייטענס, אַז „זי האָט ניט געטראָפען גלייך אין ציעל אַריין", האָט די רעגיערונג געקענט כאַפּען זיך און איבערבייטען איהר אויפפיהרונג, זי האָט געקענט אָברעכענען זיך מיט איהרע שונאים מיט קוילען און גראַנאַטען, בעגיסען די גאַססען פון די שטעדט מיט בלוט און

אויסברוקירען מיט קערפּערס זיך אַ ברייטען וועג, כדי דערמיט צו פייערען דעם נצחון איבער דער רעוואָלוציע. דאָס וואָלט אָבער געהייסען שטעלען אַלץ אין קאָהן: אָדער מיט איין קלאַפּ אַלץ אויסשפּיעלען... אָדער אין גאַנצען פערשפּיעלען. מיר ווייסען, אַז צווישען די הויף-לייט געפינען זיך ניט ווייניג אַזוינע מענשען, וועלכע זיינען גיעריג צו בלוט. מיר ווייסען, אַז עס איז זעהר צוציהענד דער געדאַנק „אַלץ אויסשפּיעלען מיט אַ מאָל"... און די מעשה איז דאָך טאַקי אַזוי: געפינט זיך דען ניט ביי דער זעלבסט-הערשונג אַזוינע מיטלען, וועלכע זי האָט נאָך ניט אויסגעפּרואווט? פראַנציסק פון נעאַפּאַל האָט דאָך פערלאָזען די הויפּט שטאָדט אין דער צייט פון דעם פאָלקס אויפשטאַנד און האָט זי באָמבאַרדירט: ניט דאָס האָט אָבגעהאַלטען אונזער קיסר פון אַזאַ שריט, כדי די געשיכטע זאָל איהם ניט פערערכענען פאַר אַ „באָמבע-קעניג", ווי דאָס האָט גע-טראָפען מיט אַנדערע מלכים. בכלל, אינטערעסירט זיך אונזער קיסר וועניג וואָס מיט דעם, וואָס פאַר אַ נאָמען וועט איהם געבען די געשיכטע' נאָך שטאַרקער פערשמוציגען דעם נאָמען, דוכט זיך, איז שוין אונמעג-ליך. נאָר אין דער גאַנצער מעשה געפינט זיך א'ן אַנדער פּינטעל, אַ'ן אַנדער צרה: איין האַרמאַט האָט שוין געשאָססען „על פי טעות" אין הויף אַריין און די האַרמאַטען פון „פּאָטיאָמקינען" זיינען שוין ניט „על פי טעות" געריכטעט געוועזען געגען די כחות פון דער רעגיערונג. אָט אַזוי איז אויס-געקומען דער רעגיערונג צו מאַכען דעם חשבון און אונטערפיהרען דעם סך הכל. די אונזיכערהייט האָט זיך גענעבען צו פיהלען און די רעגיע-רונג האָט דיעזען מאָל ניט ענטוואַגט זיך צו שיסען, זי האָט ניט געוואָלט שטעלען איהר לעבען אין קאָהן. ניט קוקענדיג אויף דער אַרמעע, וועלכע מען האָט צונויפגעזאַממעלט פון פינלאַנד און רעוועל, פון פּסקאָוו און נאָווגאָראָד, האָט די רעגיערונג אַלץ מורא געהאַט, אַז זי זאָל זיך ניט אַ גליטש טהאָן און זאָל ברעכען האַלדז אָן אַקען. זי האָט אין דער אַרמעע ניט געפונען יענעם אָנשפּאַרונגס פונקט, וועלכען זי האָט געזוכט, און דעריבער האָט זי ניט אַדויסגערופען צו אַ ענטשיידענעם קאַמפּף דעם רוססלענדישען אַרבייטער קלאַסס, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון אַללע אונצופריעדענע עלעמענטען פון דעם לאַנד, נאָר זי אַלליין האָט אָבגעטראָטען פון איהר ניט געשיצטער פּאָזיציע.

אויספּרואווענדיג אָהן אַ שום ערפאָלג צו געהן אויף דעם ערשטען וועג און ניט וואַגענדיג זיך צו לאָזען זיך געהן אויף דעם צווייטען, איז פאַר דער רעגיערונג געבליעבען צו טהאָן איינס פון די ביידע: אָדער ערנסט אַ פּרואוו טהאָן זיך אויסהערען דעם קול פון דעם פאָלקס וויללען, צונויפרופען די אמת'ע פאָלקס פאָרשטעהער, וועלכע זאָללען אויסגעקליע-בען ווערען אויף די יסודות פון דער פּאָליטישער גלייכבערעכטיגונג, כדי צו ענדיגען מיט דער ירושה פון דעם שוואַרצע-חברה'ניקען רעשזים,— אָדער אויפפיהרען זיך מיט רמאות, מיט פאַלשקייט, האַלטען אַ שטיין אונטער'ן בוזים, אַדויסקוועטשען פון זיך מיט גרויס מאַטערניש אייניגע

קליינע הנחות און צוזאָגען אַלל-דאָס-גוטס אויף להבא, כדי אַריינברייגגען אַ צומישעניש אין די רייהען פֿון דער אָפּאָזיציע און מאַכען פֿאַר מיטהעל-פֿער און פֿריינד איינעגע פֿון די געוועזענע פֿיינד; מיט דיזען מאַנעוור וועט זיך איהר נאָך איינגעבען צו בעפֿעסטיגען די איבערגעבליעבענע פאָזיציעס און מנצח זיין די אויסערסטע פֿיינד.

עס איז גאַנץ פֿערשטענדליך, אַז אויף דעם ערשטען וועג פֿון די צוויי איבערגעבליעבענע האָט די אַזיאַטישע און די אכזריות׳דיגע זעלבסט-הערשונג ניט געקענט אַרויספֿטרעטען; דיזעלביגע זאַך האָט אויך ניט גע-קענט טהאָן איהר איצטיגער פּאָליטישער בת קול — דער אָבער-קונצענמאַכער ס. יו. וויטטע, וועלכער האָט דאָ ניט לאַנג בעקומען דעם טיטול גראַף. באמת גערעדט, האָט דאָס גאָר אַנדערש געקענט זיין? וואָרום, ווער שוע, אַז ניט וויטטע, האָט זיך געקענט שטעלען ביי דעם רודער פֿון דעם זעלבסטהערשענדען אָקראַנד? ווער שוע אַ׳ן אַנדערער איז מסוגל דערצו אָנטהיילען רוססלאַנד מיט נייע, פֿרייע אַיינריכטונגען פֿון דעם בעסטען סאָרט, אויב ניט ער, דער פֿינאַנסען זיעגער פֿון פֿרעמדע קעשע-נעס און דער דיפּלאָמאַטישער „זיעגער" איבער די יאַפּאַנער? ער האָט דאָך אַזוי גלענצענד אַרויסגעוויזען, אַז ער איז כמעט אַ פֿלינקענדיגע בריה אין אַללע צווייגען אין אַלערליי מלוכה-ענינים!...

דער עצם פֿון דיזער זיינער רעפֿאָרמאַטאָרישער אויפֿגאַבע איז זעהר עהנליך צו דעם עצם פֿון יענער פֿינאַנסען-אויפֿגאַבע, פֿאַר וועלכער ער האָט זיך אַמאָל גענומען מיט דערזעלביגער ענטשלאָססענהייט און מיט דיזעלבי-גע מיטלען, ווי איצט פֿאַר דער פּאָליטישער אויפֿגאַבע. מיר ריידען דאָ וועגען דער געלד-רעפֿאָרם. ביי אונז זיינען געוועזען קרעדיט בילעטען, וועל-כע האָבען זיך אָפֿיציעל גערעכענט, אַז זיי קענען אומגעביטען ווערען אויף גאָלד, אָבער אין דער אמת׳ן, ווי דער רוססישער סאַטיריקער שטשעד-רין האָט זיך אויסגעדריקט; איז אויף דעם קרעדיטען בילעט אַזוי אָנגעציי-כענט געוועזען: „ווען מען דערלאַנגט דיעזען בילעט גיט זיך אַרויס פֿון דער וועקסעל-קאַססע פֿון דעם מלוכה-באַנק . . . אַ שפּייו!" פֿאַר אַ „גרויסער מלוכה" איז דאָס ניט זעהר קיין אַנגענעהמע זאַך. וויטטע האָט זיך דאַן אָנגענומען אָרויסשלעפּען זי פֿון בלאָטע. איהם איז אַרויף אויפֿ׳ן זינען אַ גלענצענדער געדאַנק מאַכען אַזוי, אַז דיעזע האַלב-פֿאַלשע בילעטען זאָללען ווערען ווי ניט פֿאַלשע. זיין פּלאַן איז געוועזען אַ איינפֿאַכער — ווי יעדער גאונ׳ישער פּלאַן: כדי אויסגלייכען דעם קורס האָט ער פֿאָרגעלייגט, ניט אויפֿהייבען די ווערטה פֿון די בילעטען ביז דער ווערטה פֿון גאָלד, נאָר פֿערקעהרט, אויף אַזוי פֿיעל קלענער מאַכען די גאָלדענע-מטבע. אָט אַזאַ מין קונצמאַכערשאַפֿט האָט איהם אויסגעצייכענט פֿון אַללע איבערי-גע בעאַמטע אין דעריבער האָט די זעלבסטהערשונג געווענדעט זיך צו איהם אויך אין דעם מאָמענט, ווען איהר פּרואוו צו אָב׳חשבון׳ען מיט׳ן פֿאָלק מיט דעם פֿאַלשען קרעדיטען-בילעט פֿון דער גאָסודאַרסטווענער דומע

האָט זיך איהר ניט אַיינגעבען, ווייל דאָס פֿאָלק דער מלוה האָט אַזאַ מין בילעט ניט געוואָלט צונעהמען פֿאַר גוט געלד...

און אַזוי איז דאָס אַרויסגעשפּרונגען דער צאַרישער מאַניפֿעסט. פֿון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער זעהט זיך אַרויס, ווי די זעלבסט-הערשונג האָט אָנגעוואָרען איהר גאַנצען חיות, איהר לעבענסקראַפֿט, פֿערשטעלט און דונקעל זיינען די הבטחות, דונקעל איז די בעדייטונג, וועלכע ניקאָלאַי II לייגט אַריין אין די שעהנע און גוטע ווערטער. עס געהט אַ גלייכווערטעל: „ווען צוויי פֿערשידענע מענשען זאָגען איינס און דאָס זעלבע, הייסטדאָס, אַז דיעזעס איינס און דאָסזעלבעאיז ניט איינס און דאָס זעל-בע".מיר ווייסען, וואָס בעטייטען אויף דער מענשליכער שפּראַך די פֿרייהייט פֿון וואָרט, פֿערזאַמלונגען, פעראיינען און די אונבעריהרליכקייט פֿון דער פער-זאָן. אָבער וואָס בעטייטען דיעזע ווערטער אויף דער צאַרישער שפּראַך? וואָס פֿאַר אַ צירקוליאַר וועט מאָרגען אַרויסלאָזען טרעפּאָוו, בוליגין אָדער זייערע יורשים אין וועלכען עס וועט געגעבען ווערען „דער ריכטיגער פירוש פֿון דיעזע ווערטער"? — דאָס ווייסען מיר ניט. מיר ווייסען מעהר ניט ווי דאָס, אַז „די אונבעריהרליכקייט פֿון דער פערזאָן" האָט זיך געענדיגט באַלד נאָך דעם מאַניפֿעסט מיט פאָגראָמען, שלאָגערייען און שיסערייען.

זאָללען די רוססישע ליבעראַלען אַרומנעהמען און האַלדזען זיך פֿון גרויס פֿרייד, וואַרטענדיג אויף די אַללע גרויסע „טובות", וועלכע דער צאַרישער מאַניפֿעסט איז מבטיח צו טהאָן. מיר, סאָציאַליסטען רעוואָליו-ציאָנערען, ווייסען נאָר איינס, די אָנשטעהענדע רוססישע רעוואָליוציע האָט אַריינגעפֿיהרט אין לעבען „אָהן קיין ערלויבניס" בונדען, מיטינגען, פֿערזאַמלונגען, אויף דיעזע פֿערזאַמלונגען זיינען געהאַלטען געוואָרען פֿרייע רעדעס, אין וועלכע מען האָט גערופֿען דאָס פֿאָלק צו אַ'ן אויפֿ-שטאַנד און צו טעראָר. דיעזע אַללע בונדען, פֿערזאַמלונגען א. ד. ג. האָבען אָנגענומען אַ ברייטען כאַראַקטער און האָבען פֿאָרגעשטעלט אַזאַ גרויסע ווידערשטאַנדס קראַפֿט דער רעגיערונג, אַז די זעלבסטהערשונג האָט געמוזט קוקען און שווייגען. איצטער איז זי מוכן ומזומן לעגאַליזירען איהר לאַנגשווייגען. דאָס איז אונזער נצחון, אָדער ריכטיגער געזאָגט, אַ צייכען פֿון אונזער נצחון; אָבער אַ צייכען פֿון אַ נצחון איז נאָך ניט קיין ממשות'דיגער ר ע ז ו ל ט אַ ט. וואָס פֿאַר אַ רעזולטאַט וועט ערשט זיין — ווייסען מיר נאָך ניט; מיר וואָלטען געטהאָן אַ גרויסען פֿעהלער, ווען מיר וואָלטען אָבשוואַכען די ענערגיע פֿון אונזער קאַמפּף צוליעב די האָפֿנונגען און ערוואַרטונגען. פֿערקעהרט, דער פֿאַקט, אַז אונז האָט מען יע עפּעס וואָס מבטיח געווען, נויטה אונז אָנהייבען פֿערווירקליכען באַלד אין לעבען דיעזע „עפּעס וואָס".

---

אין יענעם פונקט פֿון דעם צאַרישען מאַניפֿעסט, אין וועלכען עס רעדט זיך וועגען דער פֿאָלקס פֿערטרעטונג אין דער קינפֿטיגער רוססלאַנד (שוין ניט אין דער זעלבסטהערשענדער, נאָר אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער) געפֿינט זיך זעהר פֿיעל פֿראַזען, וועלכע אָדער האָבען קיין שום זינן ניט, אָדער זיינען פֿערוויקעלט אין זעהר אַ געדיכטען און אַ פֿינסטערען שליי ער. דער פּאָרטס־מוטער העלד האָט געהאַט ברעה מיט דיעזע פֿראַזען אי אָבנאַרען אי פֿערבלענדען די אויגען פֿון דעם פֿאָלק, אָבער טהאָן עפּעס וואָס זוירקליכעס האָט ער גאָר ניט אָנגעהייבען צו קלערען.

ער האָט זעהר קיין צייט ניט, ביז וואַנען עס וועט צו־נייפֿגערופֿען ווערען די גאָסודאַרסטווענע דומע איז געבליעבען זעהר ווייניג צייט,—איז דען מעגליך אומענדערען זי אין אַזאַ קליינער צייט? זיין ווילען איז זעהר אַ גוטער, נאָר זאָל מען אַ ביסעל אָבוואַרטען און האָבען געדולד: אָט באַלד וועט זיך צונויפֿקלייבען די פֿיעל ווייניג אויס־געבעסערטע דומע, זי וועט זיך שוין פֿערנעהמען מיט דער פֿראַגע וועגען אַללגעמיינעם וואַהלרעכט און מיט נאָך אַזוינע גוטע זאַכען; אַלליין וויטטע וועט קומען אַהין צו, וועט אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך זיין מונדיר און וועט זאָגען: „אַייער ווילען איז פֿאַר מיר אַ געזעץ!" בכן, האָפֿט, אַז די פּריצישע, סוחר׳ישע, שוואַרצע באַנדע׳דיגע דומע, אַריינגעהמענדיג אין זיך אַ קליינעם צאָהל דעפּוטאַטען פֿון אינטעליגענטען און אַרבייטער, וועט זיך אַלליין רעפֿאָרמירען אויף דעם גרונד פֿון דעם אַללגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהלרעכט. האָפֿט... און דערווייל זייט צופֿריעדען מיט דעם משונה׳דיגען בנין פֿון בוליגינען, צו וועלכען וויטטע וועט אויך עפּעס וואָס צו בויען.

כדי מען זאָל ריכטיג אָבשאַצען דעם זינן פֿון דעם מאַניפֿעסט, אַלס אַ געשעהעניש, וועלכע ווייזט אָן די ריכטונג, וואוהין די רעגיערונג האָט בכונה צו געהן, איז נויטהיג צו בעמערקען, אַז אַ חוץ דער הבטחה פֿון אַ קאָנסטיטוציע געפֿינט זיך אין דעם מאַניפֿעסט אויך אַ׳ן אַנדער הבטחה.... דער קיסר, אויפֿווייזענדיג אויף דער „מהומה", אויף די „אונרוהען", א. ד. ג., וועלכע שטעלען אין געפֿאַהר די גאַנצקייט פֿון דער אימפּעריע, איז פֿון איין זייט מודיע, אַז ער האָט בעפֿעהלען „די מאַכטהאָבער ניט דערלאָ־זען מאַכען אונרוהען און אונאָרדנונגען, פֿערהיטען די פֿריעדליכע מענ־שען, וועלכע שטרעבען רוהיג צו ערפֿילען זייער חוב" — און פֿון דער אַנדער זייט, האָבענדיג אין זינען די טובה פֿון די רוהיגע און בערעכענטע מענשען פֿון דער געזעלשאַפֿט, האָט „פֿעסט בעשלאָסען" א. ז. וו. בכן, זעהען מיר אין דעם מאַניפֿעסט אַלליין איז אָנגעוויזען געוואָרען די צוויי־זייטיגע פּאָליטיק, וועלכע די רעגיערונג האָט בכונה צו פֿיהרען. אמת טאַקי, די אָנהענגער פֿון דער זעלבסטהערשונג, ווי פּאָבעדאָנאָסצעוו, קע־נען ניט בלייבען אויף זייער שטעל,—ווייל זיי אַנערקענען ניט אפילו פֿאַר דעם קיסר אַלליין דאָס רעכט צו אָבשאַפֿען די צאַרישע זעלבסטהערשאַפֿט־דאָס, וואָס אַזוינע רעאַקציאָנערען פֿערלאָזען זייערע שטעלען, הייסט

אָבער נאָך ניט, אַז די רעאַקציע האָט אָבגעטראָטען. פֿון דעם, וואָס טרע-פאָוו האָט פֿערלאָזען זיין שטעל, איז ניטאָ וואָס צו נתפעל ווערען, עס וועט אָנשטעהן אַ׳ן אַנדער טרעפאָוו, ווייל טרעפאָוו און וויטטע זיינען ביידע פֿערוואָרענט געוואָרען אין דעם מאַניפֿעסט גופא. ביי דעם רוססי-שען סאַטיריקער שטשעדרין געפֿינט זיך אַזאַ מין בילד, ווי איין ליבעראַלער אַדמיניסטראַטאָר וויל מאַכען אַ שלום צווישען זיין טהעטיגקייט מיט דער טהעטיגקייט פֿון זיין רעאַקציאָנערען חבר. „בעצם גערעדט, — זיינען מיר ביידע נויטהיג—טראַכט ביי זיך דער ליבעראַלער אַדמיניסטראַטאָר,—אונ-זערע פּאָליטישע סיסטעמען זיינען אַ צוגאָב איינער צום אַנדערען. מיין חבר איז זיך נוהג צו דעגיערען מיט קלעפּ און אָנמאַכען וואונדען; אָבער ווען מען זאָל ווען עס איז ניט קימען און ניט גיסען קיין באַלזאַם אויף די וואונדען, וואָלטען דאָך די קלעפּ ניט דערגרייכט זייער ציעל; אדרבה, זיי וואָלטען נאָך אַרויסגערופֿען אַ גרויסע שנאה. איך בין זיך נוהג צו מאַכען שלום, אויפֿוואַכען האָפֿנונגען; אָבער ווען עס וואָלט אויסגעפֿעהלט די טהעטיגקייט פֿון מיין רעאַקציאָנערען חבר, וואָלט מיין סיסטעם אויך ניט דערגרייכט דעם ציעל, ווייל אָנשטאָט אַנערקענונג וואָלטען אַרויסגע-רופֿען ווערען גאָר אַנדערע געפֿיהלען,—צולאָזענהייט און הוצפה. איצטער איז גאָר אַ׳ן אַנדער זאַך. מיין חבר גיט „זיי" ניט די מעגליכקייט פֿליהען אין דער הויך, און איך בין פֿערנומען מיט דעם, אַז „זיי" זאָללען ניט אָנווערען די האָפֿנונגען אויף אַ בעסערע צוקונפֿט; מיין סיסטעם איז, אַז זיי זאָללען ניט אָנווערען דעם פחד פֿאַר זיין סיסטעם און זאָללען אין דערזעלביגער צייט ניט אָננעהמען זיך מיט מוטה פֿון גרויס יאוש; זיין סיסטעם איז, ניט אַרויסוואָרצלענדיג דעם שטרעבען צום בעסטען, זעהען צו מאַכען, אַז דיעזער שטרעבען זאָל ניט אַריבערגעהן בעוואוסטע גרענ-צען און זייערע אויגען זאָללען געוועגדעט זיין נאָר אויף מיר. אויף אַזאַ אופן האַלטען מיר ביידע אַיין דאָס לאַנד אין בעוואוסטע גרענצען".

זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז ניט אַללע מאָל בעטראַכטען די „פֿריינד-פֿיינד" אַזוי רוהיג זייער ראָליע, וועלכע זיי שפּיעלען אין דעם רעגיע-רונגס מעכאַניזם. זיי קענען זיין, למשל, גרויסע בעלי-גאוה׳ניקעס און קענען אָפּטמאָל טראַכטען ביי זיך, אַז יעדערער פֿון זיי קען אַלליין, אָהן דער הילף פֿון זיין געגנער, דורכפֿיהרען זיין פּאָליטיק און אַז דיעזע פּאָ-ליטיק איז די איינציג ריכטיגע און נויטהיגט זיך ניט אין קיינע הוספות און ערגענצונגען. דאָס אָבער מאַכט ניט אויס. אדרבה, ווען זיי קריגען זיך צווישען זיך ווערט ערשט קלאָר פֿאַר אַלעמען, אַז זיי ביידע זיינען נויטהיג פֿאַר דער זעלבסטהערשונג, כדי אויפֿהאַלטען איהר קיום.

די גאַנצע אויפֿפֿיהרונג פֿון דער רעגיערונג ווייזט אָן אויף דעם, אַז זי איז בעצם אַ גרויסער בעל קמצן, ביי וועמען מען קען עפּעס וואָס אַרויסרייסען נאָר מיט גרויס מאַטערניש. פֿרעגט זיך אָבער, צי וועלען גע-ניגען דיעזע הנחות, וועלכע זיינען ביי איהר אַרויסגעריסען געוואָרען, כדי אַרויסרופֿען אַ צושפּאַלטונג אין דעם לאַגער פֿין די שונאים פֿון דער

זעלבסטהערשונג? און אויב יע, פֿרעגט זיך, ווי גרויס וועט זיין די צו-שפּאַלטונג? דאָס ווייסען מיר, אַז עס איז ניטאָ קיין הנח'לע, פֿון וועלכער די „ווייכע נשמה'ליך" זאָללען ניט קריעגען קיין גר ים התפּעלות. נאָר פֿאַר דער רעגיערונג איז דאָס נאָך גאַנץ ווייניג. די רעגיערונג נויטהיגט יך דאָך אין דעם, אַז זי זאָל אָנמאַכען אַ גרויסע מחלוקת צווישען די פֿיינדליכע עלעמענטען. אויב דאָס וועט ניט פּאַרקומען, דאַן איז זי פֿער-פֿאַלען. דאָס וואָלט בעטייטען, אַז די רעגיערונג וועט מוזען ס ף כל סוף אַרויסטרעטען ענטשיידענער, אויב זי וועט ניט וועלען אָבשוואַכען זיך זעלבסט מיט איהר אָבהענגיגקייט, וועלכע קען זיך אָברופֿען אויף דעם מיליטער. מיר זיינען טיעף איבערצייגט, אַז די רעגיערונג וועט סוף כל סוף שטעלען אַלץ אין קאָן; מיר מוזען זיין צוגעגרייט צו אַזאַ מין מורא'דיגען, קריטישען מאָמענט. אַ רעוואָליוציאָנער דאַרף אַללע מאָל זיין צוגעגרייט,— וויייל געפֿעהרליך זיינען נאָר אונערוואַרטעטע ערשיינונגען. צי איז דען פֿאַר אַלעמען ניט קלאָר, אַז נאָך די יאַנואַר-טעג קען ניקאָלאַי II ניט זיין קיין קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרך? צי איז דען ניט קלאָר, אַז די גאַנ-צע צאַרישע הויז, מיט דער גאַנצער זיסער קאָמפּאַניע פֿון די גרויס פֿיר-סטען, דאַרף פֿערשוואונדען ווערען? דער פּועל יוצא פֿון דער לאַגע איז נאָר איינער—עס מוז אָנשטעהן אַ שרעקליכער שטורם, וועלכער וועט אַראָבטראָגען אי ניקאָלאַיען אי זיין הויז. דאָס וועט פּאַרקומען ניט מחמת דעם, וואָס אַזוי הייסט דאָס רעפּובליקאַנישע פּראָגראַם פֿון די אויסער-סטע פּאַרטייען, נאָר די לאָגיק פֿון די געשעהענישען טרייבען צו דעם. אויב דיעזער קריזיס וועט ניט אָנשטעהן אין די נאָהענסטע טעג, וועט ער שפּעטער אויסברעכען נאָך מיט אַ גרעסערער קראַפֿט. נאָר פחד'ניקעס, מענשען פחדנים סיי פֿיזיש און סיי מאָראַליש, זעהען דאָס ניט. מען מוז קוקען מיט אָפֿענע אויגען אויף דער ווירקליכקייט, מען מוז זיך אָבגעבען אַ קלאָרען דין וחשבון פֿון דעם, וואָס עס קומט פֿאָר און זאָגען: עס שטעהט אָן דער סוף, מיר געהן אַנטקעגען פֿירכטערליכע און גרויסע היסטאָרישע פּאַסירונגען...

פֿון דעם צוזאַמענשטויס, וועלכער עס וועט פּאָרקומען צווישען די כחות פֿון דער רעגיערונג, וועלכע געהען ביסלעכווייז אויס, און צווישען די כחות פֿון דער רעוואָלוציע, וועלכע שטייגען אָהן אַ'ן אויפֿהער, הייגגט אָב דער גורל פֿון דעם קריזיס. די אָדער אַנדערע „פּאַפּיערליך" אין דעם געשטאַלט פֿון מאַניפֿעסטען האָבען קיין ממשות ניט. די פֿאַקטישע פֿער-העלטניסען פֿון דער מאַכט—דאָס איז דער עיקר. און דעריבער זעהען מיר טאַקי בחוש, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אפילו טאַפּענדיגערהייד גע-שטעלט אויף אַ ריכטיגען וועג מיט דעם, וואָס זי שטרייבט אָן איהרע קרעפֿטען אויף דיעזע צוויי פּונקטען: ערשטענס, בעפֿרייען די אַרעסטירטע, אומקעהרען די פֿערשיקטע און די עמיגראַנטען; צווייטענס, אָרגאַניזירען די פֿאָלקס מיליציע און אָבשאַפֿען די פּאָליציי, קאַזאַקען א. ד. ג. דיעזעביידע פּונקטען, פֿערגרעסערן די פֿאַקטישע קרעפֿטען פֿון דער רעוואָליו-

ציע און פֿערקלענערען די קרעפֿטען פֿון דער רעגיערונג, די אונבעשטימ-
טע לאַגע, די ווידערשפּרעכענדע פֿעראָרדנונגען צום מיליטער, די אַללגע-
מיינע פֿרייד וועגען דעם ערשטען נצחון איבער דער רעגיערונג, וועלכע
דרינגט אפילו דורך די דיקע וואַנד פֿון די קאַזאַרמעס, פֿאַלען פֿון ברידער-
שאַפֿט צווישען די סאָלדאַטען מיט דעם פֿאָלק—דאָס אַל׳ץ גראָבט אונטער
דעם „זיבערען״ יסוד פֿון דער רעגיערונג, און דעריבער איז דער איינציגער
מיטעל פֿאַר די פֿערשיעדענע עלעמענטען עהרליך ערפֿילען דעם חוב
פֿאַר דעם לאַנד נאָר אונטערשטיצען און פֿערשטאַרקען די בעוועגונג ;און
בשום אופן ניט אונטערגעבען זיך דער רעגיערונג. אוים פחדנות און אוים
זיין אין ספק! אינז איז טייער יעדע קראַפֿט, יעדער טאָג און יעדע מינוט;
אַללע ווילע בייט זיך אום די לאַגע און דערמיט אַלליין ווערט אויך אומ-
געביטען די פֿערהעלטנים צווישען די צוויי הויפט עלעמענטען, וועלכע
ווערען ענטשיידען דעם גורל פֿון דעם קריזיס. עס וואָלט געווען זעהר
אַ גרויסע עולה דורכלאָזען די פֿאָרבערייטונגס צייט, דורכלאָזען יענעם
מאָמענט, ווען עס וועט זיך פֿאָדערען, אַז עס זאָל אַראָבגעלאָזען ווערען
דער מעכטיגסטער און דער ענטשיידענסטער קלאַפּ, עס זאָל אַרויסגעווי-
זען ווערען די גרעסטע ענערגיע. עס גיבען אַזוינע מאָמענטען אין דער
געשיכטע, ווען עס פֿאָדערט זיך איבערמענשליכע כחות, איבערמענשליכע
מוטה און איבערמענשליכע היציגקייט. און דער קאַלטער שכל זאָגט אונז,
אַז די רעוואָליוציע אַלליין פֿיהרט אונז צו אַזוינע צייטען, ווען עס וועט
זיך פֿאָדערען נאָך מעהר אָנגעשטריינגטע כחות! מיר דאַרפֿען זעהען אויס-
נוצען וואָס ברייטער די „פֿרייהייטען״, ניט אונטערהאַקען זיך זעלבסט און
ניט טרוימען אַל׳ץ אַריינפּרעססען אין די געזעצליכע ראַהמען, ניט פֿאַנאַנ-
דערלאָזען די אָרגאַניזירטע קאַמפּפֿס-קרעפֿטען און ניט אָבשוואַכען אויף
אַ האָר ניט די קאַמפּפֿס גרויטקייט; מיר מוזען אַרויסווייזען נאָך מעהר
ענערגיע ביי די בעסערע אומשטענדען! אונזער איצטיגער נצחון בעווייזט,
אַז מיר זיינען געגאַנגען אויף אַ׳ן אמת׳ן וועג, זאָללען שוין מיר ווייטער
טרעטען אויף איהם ביז אונזער פֿאָללען נצחון! דיעזער ערפֿאָלג דאַרף
פֿערשטאַרקען נאָך מעהר אונזער טהעטיגקייט און אינזער ענערגיע. פֿאָר-
ווערטס, הברים,—אַ שאַנדע יענע, וועלכע האָבען גאָר נישט ניט פֿערגע-
סען און האָבען גאָר נישט ניט אַרויסגעדרונגען פֿון דער ערפֿאַהרונג,
וועלכע איילען זיך צו שרייען אורא „דעם קיסר פֿון דעם פֿרייען פֿאָלק״,
וועלכע זיינען גרייט באַלד נאָך דער ערשטער הנחה וואַרפֿען די געוועהר,
מיט וועלכע דיעזע הנחה איז אויסגעקעמפּפֿט געוואָרען און מיט וועלכע
עס ווערט בכלל אויסגעקעמפּפֿט יעדע נייע פּאָזיציע; אַ שאַנדע יענע,
וועלכע עס שוואַכען אָב מיט זייערע גענג די ענערגיע פֿון דער געזעל-
שאַפֿטליכער בעוועגונג; וועלכע עס שטיצען דערמיט אונטער די רעאַק-
ציע, וועלכע איז נאָך ניט דערשלאָגען געוואָרען אין גאַנצען און דערי-
בער גרייטען זיי צו פֿאַר איהר די מעגליכקייט פֿון אָברעכענען זיך....
אַ שאַנדע די אַללע, וואָס קריכען אויף זייערע בייכער, מיט קנעכטישע

געפֿיהלען! אַ שאַנדע די אַללע, וועלכע בעווייזען איצטער אין דער ווירק-ליכקייט טאַקי, אַז „דער וואָס איז געבאָרען געוואָרען צו קריכען קען ניט פֿליהען".

---

## וועגען דעם „פֿרייען דיסקוסיאָנס בלאַט".

מיט אַ צייט פֿריהער האָט זיך אין אונזער פּאַרטיי אָנגעהייבען מער-קען אַ נייע ריכטונג, די אָנהענגער פֿון דיעזע ריכטונג, כדי צו פּראָפּאַ-גאַנדירען זייערע אידעען, האָבען בעשאַפֿען אַ בלעטעל אונטער דעם נאָ-מען „דאָס פֿרייע דיסקוסיאָנס בלאַט". ביז איצט זיינען ערשיענען דריי נומערען. כדי דער לעזער זאָל קענען ווי געהעריג איז אָבשאַצען דיעזע ריכטונג, ברייגגען מיר דאָ דעם אַרטיקעל פֿון דעם חבר אַנטאָנאָוו, וועל-כער עס איז אָבגעדרוקט געוואָרען אין נומער 76 „רעוואָלוציאָנאַיאַ ראָססיאַ".

---

די גרופּע סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָט אַרויסגעגע-בען די 3 נומערען „דאָס פֿרייע דיסקוסיאָנס בלאַט", בעשטעהט פֿון מענ-שען כמעט פֿון איינע און דיזעלביגע מיינונגען. זיי האָבען אויך אַרויסגע-געבען מיט דעם אונטערשריפֿט פֿון דער גרופּע די פּראָקלאַמאַציע: „וואָס זאָל מען איצטער טהאָן?" בעת מיר וועלען אַנאַליזירען זייערע געדאַנקען וועלען מיר אָנווייזען אויף די מיינונגען פֿון די אָדער יענע מיטאַרבייטער פֿון דעם דיסקוסיאָנס בלאַט, ווייל אין אייניגע קלייניגקייטען אונטערשיידען זיי זיך צווישען אַנאַנדער.

„אין דער צייט,—זאָגט דער חבר ש— ווען דער פּראָיעקט! פֿון דעם פּראָגראַם פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען ענטהאַלט אין אין זיך מעהר ניט ווי איין סאָציאַליסטישע פֿאָדערונג, מעהר ניט ווי די פֿאָדערונג, אַז די ערד זאָל אַריבערגעהן אין די הענד פֿון דעם גאַנצען פֿאָלק, איז דערפֿאַר אָבער יענעס פּראָגראַם, וועלכען מיר דאַרפֿען ערשט שאַפֿען, מוז ענטהאַלטען אין זיך סאָציאַליסטישע פֿאָדערונגען סיי פֿאַר דער שטאָדט און סיי פֿאַר'ן דאָרף" (נומער 1 זייטע 5). „ביי אונז אין רוססלאַנד—זאָגט דער חבר ל.—האַנדעלט זיך וועגען אַ סאָציאַליסטישע

רעוואָליוציע... ווייל, ווי ער דריקט זיך אויס ווייטער, „איינס פֿון די ביידע: אָדער מיר גלויבען אין די סאָציאַליסטישע, האַלב-סאָציאַליסטישע, געמיינד-ליכע (קהל׳שע) אַרבייטס מנהגים, מיינונגען און שטרעבונגען פֿון די פֿאָלקס מאַססען, דאַן מוזען מיר אַנערקענען זייער גרייטקייט צו אַ סאָציאַ-ליסטישער רעוואָליוציע, אָדער מיר גלויבען ניט, און דאַן... דאַן גלויבען מיר ניט אין זיך אַלליין, אין די רעכטע אויסגאַנגס פונקטען פֿון אינזער וועלטאַנשאַונג". (נומער 1, זייטע 4). דער חבר ל. גלויבט און דעריבער זאָגט ער נביאות: „ביי אונז וועט דער בעוואוסטזיניגער פויער פֿאַנאַנדער-וויקלען די פֿאָהן פֿון דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, און די ניט בע-וואוסטזיניגע וועלען זיך ניט וועהרען געגען איהר. די גאַנצע אויפֿשטענ-דישע ערדאַרבייטענדע רוססלאַנד וועט פֿערשפּרייטען איבער דעם גאַנצען לאַנד דעם נעץ פֿון רעוואָליוציאָנערע סאָציאַליסטישע קאָמונען, וועלכע וועלען דורכפֿיהרען נאָך ענטשיידענער, איידער דאָס האָט געטהאָן די פּאַריזער קאָמונע, די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע בעפֿרייאונג אויף זייער אייגענע אחריות, נאַריש, פּויעריש, ניט אָבוואַרטענדיג וואָס פּעטערבורג אָדער מאָסקווע וועלען זאָגען". (נומער 1, זייטע 4).

עס פֿערשטעהט זיך כּמילא, אַז די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע קען ניט פֿאָרקומען נאָר אין דאָרף אַלליין. „און אין שטאָדט? —זאָגט ווייטער דער חבר ל.—ניט שוין שזע וועט דער שטאָדטישער פּראָלעטאַריאַט בלייבען הינטער דעם פּויערענטהום? ניט שוין שזע זיינען איהם פֿרעמד יענע עקאָנאָמישע געמיינדליכע-אַרבייטענדע אינסטינקטען און מנהגים, ניט שוין שזע איז ער אפילו איצטער ניט דורכגעדרונגען מיט די אידעען פֿון דער סאָציאַל-רעוואָ-ליוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע?" (נומער 1, זייטע 4). דער חבר ש. דריקט זיך אויס פֿאָלגענדעס: „אַזוי ווי די פֿאָדערונג צו סאָציאַ-ליזירען די ערד בעטייט בעצם די פֿאָדערונג פֿון אַ דאָרפֿישער אַרבייטער געמיינדע אָדער קאָמונע, אַזוי וועט אויך מוזען דאָס שטאָדטישע אַרביי-טער פֿאָלק, ווען ער וועט בייקוטען זיינע עקספּלואַטאַטאָרען, פּראָקלאַמי-רען די פֿאָדערונג פֿון אַ שטאָדטישער אַרבייטער קאָמונע" (נומער 1, זייטע 6) ד. ה. „קאָמונאַליזירען (אָדער מונציפּאַליזירען *) די שטאָדטישע ערד, די הייזער און אַללע פֿאַבריקען און זאַוואָדען". (פֿון דעם אַרטיקעל פֿון דעם חבר אוסטינאָוו נומער 3, זייטע 3). בכן, די מיטאַרבייטער פֿון דעם „פֿרייען דיסקוסיאָנס בלאַט" טראַכטען, אַז די אָנקומענדע רעוואָליוציע וועט ניט נאָר אויסקעמפּפֿען פֿאַר׳ן פֿאָלק ערד און פֿרייהייט (ווי עס מיינען בכלל די סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען), נאָר זי וועט אויך זיין אַ סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, סיי אין שטאָדט און סיי אין דאָרף. מיר וועלען זיך באריכות אָבשטעלען אויף דיעזער פֿראַגע. הגם די מיטאַרביי-טער פֿון דעם „פֿרייען דיסקוסיאָנס בלאַט" שטעלען זיך אָב דערהויפּט אויף דער רעוואָליוציע אין שטאָדט, מיר אָבער וועלען אָנהייבען

*) ד. ה. אָבגעבען אין דעם רשות פֿון דער שטאָדט פֿערוואַלטונג.

פֿון דער הויפט פֿראַגע, פֿון דער רעוואָליוציע אין דאָרף.

אין דעם פּראָיעקט פֿון דעם פּראָגראַם פֿון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען שטעהט געשריעבען, אַז די פּאַרטיי וועט שטעהן „פֿאַר דער סאָציאַליזירונג פֿון אַלע גיטער, וואָס געפֿינען זיך אין פּריוואַט אייגענטהום, ד. ה. אָבנעהמען זיי פֿון דעם פּריוואַט אייגענטהום פֿון איינצעלנע מענשען, מאַכען זיי פֿאַר קהל'שע אייגענטהום און אָבגעבען זיי אין דעם רשות פֿון די דעמאָקראַטיש אָרגאַניזירטע געמיינדען און אין דעם רשות פֿון טעריטאָריאַלע פֿעראייניגונגען פֿון געמיינדען אויף דעם גרונד, אַז אַללע זאָללען גלייך פֿון זיי געניסען". די פּאַרטיי שטעהט פֿאַר דער סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד, און נאָכמעהר, זי רופֿט צו פֿערכאַפּען אין די הענד די ערד איס נאָמען פֿון דער סאָציאַליזירונג, ווייל 1) דיזע פֿאָדערונג איז פֿערשטענדליך און טייער דעם רוססישען אַרבייטענדען פּויערענטהום, וועלכער קעמפּפֿט שטענדיג פֿאַר דעם, אַז די גאַנצע ערד זאָל איבערגעגעבן ווערען דעם פֿאָלק, 2) ווייל די פּאַרטיי רעכענט ניט, אַז אין אַללע צווייגען פֿון דער פּראָדוקציאָן איז דער קאַפּיטאַליזם דער איינציגער וועג, וועלכער וועט פֿיהרען צו דער פֿערווירקליכונג פֿון דעם סאָציאַליזם, 3) ווייל די סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד וועט פֿערגרינגערען די לאַגע פֿון דעם גאַנצען אַרבייטער פֿאָלק: דער אַרבייטער פֿון שטאָדט וועט ניט האָבען קיין קאָנקורענץ פֿון דער זייט פֿון די פּויערים, וואָס האָבען אָנגעוואָרען זייער ערד, די סאָציאַליזירונג וועט אַראָבלאָזען אַ שטאַרקען קלאַפּ דעם רעאַקציאָנערסטען קלאַסס—די פּריצים, זי וועט מאַכען, אַז די רענטע פֿון דער ערד וועט אַריבערגעהן אין קהל'שע אייגענטהום, א. ד. ג. (וועגען דעם באריכות געפֿינט זיך אין דעם אַרטיקעל „די סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד" אין דעם נומער 42 פֿון רעוו. ראָס.) אַזוי זעהען מיר, אַז די פֿאָדערונג צו סאָציאַליזירען די גאַנצע ערד שטימט אי מיט די שטרעבונגען פֿון פֿאָלק, אי מיט די טעאָרעטישע מיינונגען פֿון דער פּאַרטיי און איך קען זי אויפ'ן בעסטען אופן לויזען די פּראַקטישע אויפֿגאַבען פֿון דער פּאַרטיי. נאָר די פּאַרטיי האָט ענטשיידען אַרויסגעזאָגט איהר מיינונג, אַז ביי איצטיגע אומשטענדען האָט זי אין זינען מעהר ניט, ווי צו סאָציאַליזירען די ערד און שטעלט זיך להלוטין ניט די אויפֿגאַבע באַלד אָנהייבען פֿערווירקליכען די סאָציאַליסטישע אָרדנונג, ד. ה. געזעלשאַפֿטליך אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן און די פֿערטהיילונג פֿון די פּראָדוקטען. די פּאַרטיי רעכענט אַזאַ מין אויפֿגאַבע ביי איצטיגען מאָמענט פֿאַר אַ אוטאָפּיע (ד. ה. וואָס עס קען ניט אויסגעפֿיהרט ווערען), ווייל זי זעהט ניט יענע פֿאָלקס קרעפֿטען, וועלכע זאָללען שטעהן פֿאַר דעם און זאָללען זיך נעהמען געזעלשאַפֿטליך צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן און די פֿערטהיילונג און לויזען די אויפֿגאַבע ווי עס דאַרף צו זיין. די פּאַרטיי זעהט פֿאָראויס, אַז איהר וועט אויסקומען אפילו נאָך דער סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד דורכמאַכען אַ לאַנגען וועג, כדי צוגרייטען די מאַססען צו דער סאָציאַליסטישער אָרדנונג אין די מעכטיגע און ברייטע אַרבייטער קאַמפּפֿס סינדיקאַטען, אין דעם פּראָצעס פֿון

דעם פּאָליטישען קאַמפּף אין די קאָאָפּעראַציעס, קאָנסום-גענאָססענשאַפֿטען, געמיינדען, א. ד. ג. עס פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז אפילו ביי דער סאָ- ציאַליזירונג פֿון דער ערד שפּרינגען אַרויס פֿיעל ערענסטע פֿראַגען: ווי אַזוי צו פֿערטיילען גלייך די ערד, ווי אַזוי די רענטע זאָל ווערען קהל׳שע אייגענטהום, ווי זאָל מען זיך פֿערהאַלטען צו די עקזיסטירענדע געמיינדען א. ד. ג. א. ד. ג. אָבער דאָס איז שוין לאַנג ערקלערט געוואָרען, אַז די סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד איז נאָך ניט קיין סאָציאַליזם, נאָר זי איז אַ טרעפּ, וואָס דערנעהענטערט צו איהם.

פֿערקעהרט, „דאָס פֿרייע דיסקוסיאָנס בלאַט" גלויבט אין דעם, ווי מיר האָבען פֿריהער געזעהען, אַז אין רוסלאַנד האַנדעלט זיך וועגען אַ סאָציאַ- ליסטישע רעוואָליוציע, אָבער מיר פֿערשטעהען לחלוטין ניט אויף וואָס איז געגרינדעט אַזאַ מין גלויבען, ווייל קיינע בעווייזען, אַז אַזוי וועט באמת טאַקי פֿאָרקומען, ווערען ניט געבראַכט און עס איז נאָך אַ גרויסער ספֿק, אַז זיי זאָללען קענען געבראַכט ווערען. דער חבר אוסטינאָוו ווייזט אָן מעהר ניט ווי אויף איין קאָרעספּאָנדענץ פֿון „אָסוואָבאָזדעניע", אין וועלכער עס בעשרייבט זיך „דער פּויערשער בונד" פֿון 30 דערפֿער, וועל- כער עס פֿאָדערט קהל׳שען אייגענטהום אויף דער ערד, אויף די פּראָדוק- טען פֿון דער ערד און אויף די לאַנדווירטשאַפֿטליכע מאַשינען. אין דעם „אויפֿרוף", וועלכען די גרופּע „פֿרייע דיסקוסיאָנס בלאַט" האָט אַרויסגע- געבען לייגט מען פֿאָר די פּויערים, אַז זיי זאָללען פֿערכאַפּען און מאַכען פֿאַר קהל׳שען אייגענטהום די גאַנצע ערד און אויך די אָבגענומענע לאַנדווירטשאַפֿטליכע מאַשינען. ווייטער זאָגט זיך אין דעמזעלביגען אויפֿרוף: „אַ סך בעססער וואָלט געווען, ווען די ערד, וואָס מען וועט אַבנעהמען ביי די פּריצים, זאָל מען ניט צוטהיילען, נאָר די גאַנצע גע- מיינדע זאָל זיך בענוצען מיט איהר ניט צוטהיילטערהייד און וואָלטען זי בעאַרבייט געמיינזאַם, צוזאַמען, דאַן וואָלט מען צושניטען די גאַנצע פּויערשע קהל׳שע ערד אויף גלייכע חלקים, און אויף יערער חלק זאָללען אַרבייטען צו איין אָדער צו צוויי אַרבייטער. לויט דער פֿעראָרדנונג פֿון אַ אויסגעוועהלטען עלצטען וואָלטען אַללע אַרויסגעפֿאָהרען אויף דער אַרבייט אין איין צייט, זיי וואָלטען צוזאַמען אויפֿאַקערען די ערד, פֿערזייען די פֿעלדער, אַראָבפֿיהרען די תבואה פֿון די פֿעלדער אין אַ אַללגעמיינעם שייער אָדער אין אַללגעמיינע שפּייכלערס און נאָכדעם וואָלט מען די תבואה צוטהיילט גלייך לויט דעם צאָהל אַרבייטער".

אָט אַזוי זעהען מיר, אַז די פּויערים רעקאָמענדירט מען אַיינאָרדנען נאָך ניט קיין סאָציאַליסטישע אָרדנונג, נאָר אַ קהל׳שע בעאַרבייטונג פֿון דער ערד און צוטהיילונג פֿון די פּראָדוקטען אין דעם אָדער יענעם דאָרף; אָבער עס פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז פּראָפּאַגאַנדע אַלליין וועט ניט נויטהען די פּויערים אַריבערגעהן צו דער קהל׳שער ווירטשאַפֿט. נאָר דאַן, אַז די פּויערים וועלען איבערצייגען זיך פֿון דער ערפֿאַהרונג, אַז די קהל׳- שע ווירטשאַפֿט איז בעססער פֿון דער אינדיווידועלער, אָדער די עקאָנאָ-

מישע בעדינגונגען וועלען זיי נויטהען דערצו, וועלען זיי ערשט דאַן קענען אַריבערגעהן צו דער קהל'שערווירטשאַפֿט, אָבער אַזאַ מין ערפֿאַהרונג האָט זיי ביז איצט אויסגעפֿעהלט און די עקאָנאָמישע בעדינגונגען נויטהען זיי אויך ניט דערצו. עס פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז מיר זעהען פֿאַר זיך ניט יענעם ממה נפשך, וועלכען עס האָט געשטעלט דער חבר ל, „אָדער מיר גלויבען אין די סאָציאַליסטישע, האַלב-סאָציאַליסטישע קהל'שע אַר-בייטס מנהגים, מיינונגען און שטרעבונגען פֿון אונזערע פֿאָלקס מאַס-סען, און דאַן מוזען מיר אַנערקענען זייער גרייטקייט צו אַ סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, אָדער מיר גלויבען ניט און דאַן גלויבען מיר ניט אין זיך זעלבסט, אין די אויסגאַנגס אידעען פֿון אונזער וועלטאַנשאַוּנג". אין דער ווירקליכקייט אָבער, האָט די פּאַרטיי טאַקי די כונה „אויסנוצען" (אַזוי איז טאַקי בפירוש געזאָגט געוואָרען אין דעם פּראָיעקט פֿון דעם פּראָ-גראַם) „ווי די קהל'שע, אַזוי אויך די אַרבייטס פּרינציפּען, די טראַדיציעס און די „לעבענס פֿאָרמען פֿון דעם רוססישען פּויערענטהום און דערהויפּט אויסנוצען די מיינונג פֿון די פּויערים וועגען דער ערד, ווי אויף אַ אייגענ-טהום פֿון אַללע אַרבייטענדע מענשען". ד. ה. די פּאַרטיי האָט אין זינען די קהל'שע-אַרבייטס טראַדיציעס און מיינונגען פֿון דעם רוססישען פּויע-רענטהום, אָבער די פּאַרטיי ווייס ניט פֿון קיינע ס א ָ צ י א ַ ל י ס ט י ש ע און האַלב-סאָציאַליסטישע ט ר א ַ ד י צ י ע ס און מיינונגען, וועלכע זאָללען עקזיסטירען צווישען דעם פּויערענטהום. פֿון דעם איז אַרויסצודרינגען, אַז אפילו נאָך דער רעוואָליוציע, וועלכע וועט איבערגעבען די גאַנצע ערד דעם פֿאָלק, וועט די לאַנדווירטשאַפֿטליכע פּראָדוקציאָן און פֿערטיילונג פֿון די פּראָדוקטען נאָך אַ לאַנגע צייט געפֿיהרט ווערען אויף דעם אַלטען שטייגער, ד. ה. זי וועט טראָגען אַ אינדיווידועלען אָבער ניט קיין געמיינ-שאַפֿטליכען כאַראַקטער; עס וועלען בלייבען געלד, דער מאַרק און אויך אַנדערע סמנים פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, נאָר דיזע אָרדנונג וועט בעקומען אַ מעכטיגען קלאַפּ דורך דער סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד. דער חבר אוסטינאָוו בעמיהט זיך אומזיסט אונז צו בעווייזען, אַז די רע-וואָליוציאָנערע קאָמונע (ד. ה. די געמיינדע) וועט זיין אַ נייע מעטהאָדע פֿון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע *) „יעדע דאָרפֿישע געמיינדע, — זאָגט ער — וועט זעהען אַליין צו פֿערווירקליכען איהר פּאָליטישע און עקאָנאָמישע בע-פֿרייאונג אויף איהר אייגענע אחריות". ווי מיר האָבען אָבער פֿריהער אויפֿגעוויזען וועט זיך די עקאָנאָמישע בעפֿרייאונג אויסדריקען מעהר ניט ווי אין דעם, וואָס די

*) דאָס הייסט, ער וויל ענטדעקען אַ נייע אַמעריקע, אַז די סאָ-ציאַלע רעוואָליוציע קען פֿאָרקומען נאָר דורכדעם, וואָס עס וועלען גע-גרינדעט ווערען רעוואָליוציאָנערע קאָמונען און דעריבער רעקאָמענדירט ער, אַז מיר זאָללען אָנווענדען אונזערע כחות דורכפֿיהרען די קאָמונאַ-לע רעוואָליוציע. אַלזאָ, די קאָמונאַלע רעוואָליוציע איז אַ נייע מעטהאָ-דע פֿון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע.

פויערים וועלען פֿערבאַפֿען די ערד ביי די פריצים און וועלען זי צוטהיי-
לען צווישען די געמיינדעס און צווישען די מיטגליעדער פֿון די געמיינדעס,
אין דעם און נאָר אין דעם וועט בעשטעהן אין דאָרף די אָנקומענדע עקאָ-
נאָמישע איבערקעהרעניס.

לאָמיר איצט אַריבערגעהן צו דער שטאָדט, וואו „דאָס פֿרייע דיס-
קוסיאָנס בלאַט" וואַרט אויך אויף אַ סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע אויף דעם
נייעם שטייגער—ד. ה. אויף רעוואָליוציאָנערע קאָמונען. דער חבר ש.
טראַכט אויך ווי פֿיעל אַנדערע מיטאַרבייטער פֿון „דעם פֿרייען דיסקוסיאָנס
בלאַט", אַז עס איז מעגליך מאַכען אין שטאָדט אַזאַ מין קאָמונע, וועלכע
עס איז געוועזען אין פּאַריז אין 1871-טען יאָהר. דיעזע מעגליכקייט געהט
אַריבער ביי די מיטאַרבייטער פֿון „דעם פֿרייען דיסקוסיאָנס בלאַט" אין
אַ געוויסהייט. זיי פֿרעגען: „קען דאָס אַרבייטער פֿאָלק פֿון אונזערע רוס-
סישע שטעדט ווערען אַ גאַנצער בעל הבית אין דער נאָהענסטער רעוואָ-
ליוציע?" און ענטפֿערען, יע, עס פֿערשטעהט זיך, ער קען, אויב די רע-
וואָליוציע וועט פֿאָרקומען און דערצו וועט זי נאָך ענדיגען זיך מיט אַ'ן
ערפֿאָלג וועט דאָס אַרבייטער פֿאָלק זיין אַ גאַנצער בעל הבית. וואָס
דאַרף ער דאַמאָלס טהאָן? אויף דעם ענטפֿערען באריכות דער חבר ש.
און דער „אויפֿרוף". נאָכדעם, אַז דאָס פֿאָלק וועט מנצח זיין, מוז ער זיך
גוט בעוואָפֿענען, טאָמער וועט איהם אויסקומען איבער אַ נייס אַרויסטרע-
טען אים קאַמפף; נאָכדעם קלייבט דאָס פֿאָלק אויס דעפּוטאַטען אין דער
שטאָדטישער דומע, ער אָרגאַניזירט אויך די ערנעהרונגס מיטלען; די
שטאָדטישע ערד ווערט פֿעררעכענט פֿאַר קהל'שען אייגענטהום. „די פֿאַב-
ריקען און זאַוואָדען געהן אַריבער אין אייגענטהום פֿון דער שטאָדט; די
שטאָדטישע געמיינדע (די קאָמונע) וועט זיין איבער זיי דער בעל הבית און וועט
זיי אָנהייבען איבערגעבען אין דעם רשות פֿון אַרבייטער חברות, וועלכע וועלען
צושטעהן צו דער אַרבייט אונטער דער השגחה פֿין זייערע אויסגעוועהלטע
עלצטע... אַללע ליידיגע הייזער און דירות וועלען אָבגעגעבען ווערען די
אָרימע מענשען; די ניט היגיענישע הייזער וועלען אַראָבגעטראָגען ווערען
דורך דער שטאָדט פֿערוואַלטונג זעלבסט. פֿון איצטער אָן וועט שוין די
שטאָדט אַלליין בויען הייזער און אָבגעבען זיי אָהן געצאָהלט איהר בע-
פֿעלקערונג... די שטאָדט וועט אָבעפֿענען איהרע אייגענע ווערקשטאַטען—
פֿון שוסטעריי, שניידעריי א. ד. ג. — אין וועלכע עס וועלען אַרבייטען
חברות פֿון שוסטער, שניידער א. ד. ג." אַ חוץ דיעזע מיטלען, וועלכע
עס זיינען אויסגערעכענט געוואָרען אין דעם „אויפֿרוף", לייגט דער חבר
ש. פֿאָר, אַז מען זאָל אויך קאָנפֿיסקירען די גרויסע געלד קאַפּיטאַלען,
מען זאָל מאַכען, אַז פֿאַר די חובות זאָל מען גאָר נישט ניט צאָהלען, מען
זאָל קאָנפֿיסקירען אַללע מאַגאַזינען און אַללע אַריבערפֿיהרונגס-מיטלען,
מען זאָל פֿערבאָטען געדונגענע אַרבייט, מען זאָל אָרגאַניזירען די פּראָדוק-
ציאָן און די פֿערטהיילונג פֿון די סחורות לערך די אויסגערעכענטע בע-
דערפֿניסען, מען זאָל זאָל געבען אַרבייט די אַרבייטסלאָזע א. ז. וו.

ווענען דיעזען פּלאַן איז נויטהיג קודם כל צו בעמערקען, אַז מען דאַרף אונטערשיידען צוויי פּעריאָדען: 1) די קריעגס צייט, ווען דאָס אויפֿשטענדישע פֿאָלק וועט זיך געפֿינען אין דיעזער אָדער יענער שטאָדט אין אַ בעלאַגערונגס צושטאַנד; און 2) די פֿריעדליכע צייט, ווען די זעלבסטהערשונג האָט מען מען שוין מנצח געווען און דאָס פֿאָלק וועט זיך אָנהייבען בעשעפֿטיגען מיט דער אַיינאָרדנונג פֿון דעם נייעם לעבען. עס פֿערשטעהט זיך ממילא, ביז וואַנען די מלחמה פֿיהרט זיך וועט דאָס פֿאָלק מוזען קאָנפֿיסקירען אַללע שפּייז-מיטלען, גלייך צו פֿערטהיילען זיי צווישען אַלעמען און אָרגאַניזירען אַזוינע אַרבייטען, כדי צו בעפֿריעדיגען די נויטהיגסטע בעדערפֿניסען, אָבער אין דיעזער צייט בענוצט זיך דערהויפּט דאָס פֿאָלק מיט יענע רייכטהימער, וועלכע זיינען אָנגעזאַממעלט געוואָרען אין דער פֿאָררעוואָלוציאָנערער צייט; ער פֿערברויכט זיי, אָבער אַלליין אַרבייט ער ווענינ אויס. און די מעשה איז דאָך טאַקי אַזוי: ווי איז דאָס מעגליך, אַז דאָס אויפֿשטענדישע פֿאָלק זאָל אויסאַרבייטען ברויט, פֿלייש, מילך, טיי, צוקער, קעראָסין, טאַבאַק און אַנדערע נויטהיגסטע פּראָדוקטען, וועלכע ער בעקומט שטענדיג פֿון אַנדערע ערטער און פֿון דאָרף? ניט אין דער קריעגס-צייט און ניט אין דער פֿריעדליכער צייט **קען די שטאָדט בשום אופן ניט זיין אַ זעלבסטשטענדיגע ווירטשאַפֿטליכע אייגנהייט**, ווייל די שטאָדט אַרבייט ניט אויס קיינע אַזוינע פּראָדוקטען, וועלכע אַרבייטען זיך אויס נאָר אין דאָרף, אָדער אין אַנדערע לענדער. זי בעקומט זיי שטענדיג פֿון דער זייט מיט דעם, וואָס זי מאַכט אַ בייט אויף איהרע אייגענע פּראָדוקטען, וועלכע זי אַלליין אַרבייט אויס. דעריבער זאָגען מיר, ווי באַלד די שטאָדט-קאָמונע וועט פֿערכאַפּען די פֿאַבריקען און זאַוואָדען, וועלכע געפֿינען זיך אויף איהר טעריטאָריום, וועט זי באַלד מוזען אַיינאָרדנען די פּראָדוקציאָן פֿון אַזוינע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען נויטהיג ניט נאָר פֿאַר די מיטגליעדער פֿון איהר קאָמונע, נאָר אויך פֿאַר יענעם אונבעשטימטען מאַרק, אויף וועלכען זי זאָל קענען בייטען איהרע פּראָדוקטען אויף די פּראָדוקטען פֿון דאָרף און פֿון אַנדערע מקומות. דוכט זיך, אַז „דאָס פֿרייע דיסקוסיאָנס בלאַט“ האָט אַרויסגעלאָזען פֿון זינען אָט דיעזען אומשטאַנר, אָבער מיר ווייסען דאָך, אַז אָט דוקא אין יענע שטעדט, וואו דער אויפֿשטאַנד קען זיך בעסער אַיינגעבען, ד. ה. אין די אינדוסטריעלע שטעדט, אין וועלכע עס געפֿינט זיך אַ מאַססע פֿון פּראָלעטאַריער, איז די פּראָדוקציאָן קאָנצענטרירט דערהויפּט אויף די גרויסע פֿאַבריקען און זאַוואָדען. די מאַססען סחורות, וועלכע ווערען דאָרט אויסגעאַרבייט, זיינען בעשטימט ניט נאָר פֿאַר די אַיינוואוהנער פֿון דיעזער שטאָדט, נאָר אויך פֿאַר דעם גאַנצען לאַנד און זאָגאַר פֿאַר דעם וועלט-מאַרק. די שטאָדט קאָמונע מוז פֿאָרטזעצען די אויסאַרבייטונג פֿון דיעזע סחורות, אויב זי וועט ניט וועלען אַרויסרופֿען אַרבייטסלאָזיגקייט פֿאַר דער מעהרהייט פֿון איהרע אַרבייטער.

זאָללען מיר פֿאָרשטעלען זיך דעם בעסערען אויסגאַנג פֿאַר דער

רעוואָליוציאָנערער קאָמונע, ווען אַללע קאַפּיטאַלען און פּראָדוקציאָנס מיטלען וועלען אַריבערגעהן אין די הענד פֿון די אַרבייטער; לאָמיר אָננעהמען, אַז אַלע בנינים און מאַשינען זיינען גאַנץ געבליעבען, נאָר אָנשטאָט די פֿריהערדיגע בעלי בתים און פֿריהערדיגע אָרדנונגען זיינען געקומען נייע משגיחים, וועלכע זיינען אויסגעקליעבען געוואָרען פֿון פֿאָלק אַלליין, און אויך אַרבייטערחברות. כדי פֿיהרען ווייטער די פּראָדוקציאָן זיינען נויטהיג, ערשטענס, פּראָדוקציאָנס מיטלען. ד. ה. רויהע פּראָדוקטען, קויהלען אויף בעהייצען די מאַשינען, מאַשינען א. ד. ג. אויב עס זאָל עפּעס וואָס פֿון דעם אויספֿעהלען, קען שוין די פּראָדוקציאָן ניט עקזיסטירען. ביי די קאַפּיטאַליסטען איז אַיינגעאָרדנעט געוואָרען ווי עס דאַרף צו זיין, ווי אַזוי זיי זאָללען בעקומען אָט דיעזע פּראָדוקטען, די קאַפּיטאַליסטען האָבען קרעדיט (ניט זעלטען טרעפֿט, אַז זיי באַנקראָטירען, ווען מען נעהמט ביי זיי אָב דעם קרעדיט); די מאַ-טעריאַלען, וועלכע זיינען נויטהיג פֿאַר דער פּראָדוקציאָן, טרעפֿט אָפֿט-מאָל, אַז מען ברינגט זיי פֿון דעם אַנדער עק רוססלאַנד, אָדער פֿון אויסלאַנד. עס פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז די אַרבייטער-קאָמונע וועט קיין קרעדיט ביי קאַפּיטאַטיליסטען ניט האָבען, און עס איז שווער צו פֿערשטעהן, פֿון וואַנען וועט זי נעהמען אָט דיעזע אַללע פּראָדוקציאָנס מיטלען. נאָר ווען אפילו זי וואָלט זיי יע בעקומען (דהיינו, פֿון אַ'ן אַנדער קאָמונע), וואָלט זיך דאַן אָנפֿאַנגען אַ נייע שוועריגקייט, ווי אַזוי טעכניש צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן. די קאַפּיטאַליסטען האָבען אויף דעם אַ גאַנצע צאָהל ספּעציאַליסטען, אינשזינערען, בימיקער א. ד. ג., וועלכע בעקומען זעהר גוטע געהאַלט און וועלכע זיינען מעהר נוטה צו דער בורשזואַזיע און עס איז נאָך אַ גרויסער ספק, צי וועט די קאָמונע קענען אַריבערציהען זיי אויף איהר זייט. אָבער זאָללען מיר אפילו אָננעהמען, אַז פֿון דער טעכנישער זייט געהט אַלץ כשורה, און די פּראָדוקציאָן איז אָר-גאַניזירט ניט ערגער ווי ביי די קאַפּיטאַליסטען, וועלען דאָך די הויפּט אויפֿגאַבע און די הויפּט-שוועריגקייטען בעשטעהן אין דעם, וואָס עס וועט אונמעגליך זיין ריכטיג צו בעשטימען די צאָהל פּראָדוקטען, וועלכע עס איז נויטהיג צו אויסאַרבייטען, און אַריינברייינגען אַ סדר אין די פֿערטהיי-לונג פֿון די סחורות. אַזוי ווי די פּראָדוקציאָן האָט דעם ציעל צו בעפֿריע-דיגען די בעדערפֿניסען, מוזען דאָך די צאָהל סחורות שטימען מיט די בע-דערפֿניסען און כדי צו אויסאַרבייטען דיעזע צאָהל סחורות מוז מען צו-טהיילען זי צווישען אַללע פֿאַבריקען. ביי דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג איז די פּראָדוקציאָן ניט צוגעפּאַסט ווי עס דאַרף צו זיין צו דעם פֿערברויך, דערפֿון אָבער לוידט זעהר פּיעל די געזעלשאַפֿט; קיין אַללגעמיינעס פּלאַן פֿון דער פּראָדוקציאָן איז ניטאָ, יעדער קאַפּיטאַליסט אַרבייט אויס יענע סחורה און אין אַזאַ צאָהל, וועלכע ער רעכענט פֿאַר נויטהיג. די מקחים פֿון די סחורות, דאָס הייבען זיי זיך אויף און דאָס פֿאַללען זיי, די אויס-אַרבייטונג פֿון דעם אָדער יענעם מין סחורה, דאָס פֿערגרעסערט זיך און דאָס פֿערקלענערט זיך, שטענדיג קומען פֿאָר קריזיסען און סוף כל

סוף ווערט די פּראָדוקציאָן ווי עס איז צוגעפּאַסט צו דעם פֿערברויך.

אָט די אַנאַרכיע, וועלכע עס הערשט אין דער פּראָדוקציאָן און אין דער פֿערטיילונג פֿון די פּראָדוקטען, מוז אין דער סאָציאַליסטישער אָרד-נונג אומגעביטען ווערען אויף אַ פּלאַנמעסיגע פּראָדוקציאָן, ד. ה. ער-שטענס, וועט מען מוזען בעשטימען די צאָהל פֿון דעם אָדער יענעם מין סחורה, אין וועלכער עס וועט זיך נויטהיגען די געזעלשאַפֿט, און צוויי-טענס וועט מען דאַרפֿען צוטהיילען די אויסאַרבייטונג פֿון דעם אָדער יענעם מין סחורה צווישען די אַללע פֿאַבריקען, וועלכע עס וועלען זיך געפֿינען אין לאַנד, און נאָכדעם פֿערטיילען די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען צווישען די פֿערברויכער. דערגרייכען דעם ציעל, אַז די פּראָדוקציאָן זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די בעדערפֿניסען, איז מעגליך נאָר אויף דיעזע צוויי אופנים: דורך פֿרייער קאָנקורענץ אָדער דורך אַ פּלאַנמעסיגער אָרגאַניזאַציע. אויב די שטאָדט קאָמונע וואָלט באמת טאַקי געקענט זיין אַ זעלבסט-שטענדיגע ווירטשאַפֿטליכע איינהייט, וואָלט מען דאַן בעדאַרפֿט בעטראַכ-טען די פֿראַגע, ווי אַזוי וועט זיך איהר דאָס איינגעבען דורכפֿיהרען אָט דיעזע פּלאַנמעסיגע אָרגאַניזאַציע, אָבער דאָס איז דאָך געוויס, אַז די ווירטשאַפֿט פֿון דער שטאָדט-קאָמונע איז פֿעסט צוזאַמענגעבונדען מיט דער ווירטשאַפֿט פֿון דעם גאַנצען לאַנד און קען בשום אופן ניט זיין קיין זעלבסטשטענדיגע, אָבגעזונדערטע ווירטשאַפֿטליכע איינהייט. דער קאָמונע קען פֿאָרשטעהן צוויי אויסגאַנגען.—דער ערשטער אויסגאַנג וועט זיין: די פּראָדוקציאָן וועט פּלאַנמעסיג רעגולירט ווערען פֿאַר דעם גאַנצען לאַנד און דאַן וועט דיעזע קאָמונע מוזען פֿערנעהמען אַזאַ לאַגע אין דער פּראָ-דוקציאָן, וועלכע עס וועט בעשטימט ווערען פֿאַר איהר. למשל, זאָל זיין, אַז אין דער קאָמונע וועלען זיך געפֿינען פֿאַבריקען, אין וועלכע מען וועבט וואָל, באַוועל א. ד. ג., אָדער זאַוואָדען, אין וועלכע מען אַרבייט אויס לאַנדווירטשאַפֿטליכע מאַשינען; אָבער אַזוינע מיני פֿאַבריקען וועלען זיך דאָך געפֿינען אין אַנדערע ערטער אויך; כדי די פּראָדוקציאָן זאָל זיין אַ פּלאַנמעסיגע און מען זאָל ניט אַרבייטען אין דער וועלט אַריין מוז דאָך די קאָמונע. וויססען, וויפֿיעל איהרע פֿאַבריקען און זאַוואָדען מוזען אויסאַר-בייטען פֿון דיעזע מינים סחורה. אויב די זאַך וועט פֿאָרקומען טאַקי אַזוי, הייסט עס, אַז אין דעם גאַנצען לאַנד עקזיסטירט שוין די סאָציאַליסטישע אָרדנונג, אָבער דאָס קען מען דאָך בשום אופן ניט צוגלייכען צו יענער עקאָנאָמישער בעפֿרייאונג, וועלכע עס וועט דורכגעפֿיהרט ווערען אין דער אָדער יענער קאָמונע מיט זייערע אייגענע כחות אויף זייערע אייגענע אחריות, ווי דאָס לייגט פֿאָר „דאָס פֿרייע דיסקוסיאָנס בלאַט". דער צוויי-טער אויסגאַנג וועט זיין: די שטאָדט קאָמונע וועט אויסאַרבייטען סחורות לויט איהר אייגענעם ווילען און וועט זיך אפילו ניט רעכענען מיט די איבעריגע פּראָדוצירער פֿון סחורות, נאָכמעהר, זי וועט אפילו קאָנקורירען נאָך מיט זיי,—ד. ה. זי וועט אַרויסטרעטען אויפ'ן מאַרק מיט איהרע סחורות, ווי יעדע געוועהנליכע קאָאָפּעראַציע אין דער קאַפּיטאַליסטישער

אָרדנונג, און דעריבער וועט איהר אויך אויסקומען צו ליידען פֿון קריזי-סען, ווי דאָס פּאַסירט אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. חוץ דעם, וועט דער קאָמונע אויסקומען צו קאָנקורירען אויפ׳ן מאַרק ניט נאָר מיט די פּראָדוקטען פֿון די אַנדערע קאָמונען, נאָר אויך מיט די פּראָדוקטען פֿון די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען אין אַזאַ צייט, ווען פֿון איין זייט וועט איהר אויסקומען צו ליידען פֿון טעכניש-עקאָנאָמישע שוועריג-קייטען און פֿון דער אַנדער זייט פֿון דעם, וואָס איהר וועט אויספּעהלען געוואהנהייט צו פֿיהרען גרויסע אינדוסטריעלע עסקים.

אין דערזעלביגער צייט וועט פֿאַר דער קאָמונע שטענדיג שטעהן די מורא׳דיגע פֿראַגע וועגען אַרבייטסלאָזיגקייט, אפילו ביי אַ געוועהנליכער צייט געפֿינט זיך אויך אַ גרויסע מאַססע אַרבייטסלאָזע מענשען, אין דער צייט פֿון דער רעוואָליוציע וועט זיך זייער צאָהל פֿערמעהרען און די שטאָדט-קאָמונע וועט זעהר ווייניג קענען זיי אויסהעלפֿען. גאָר אַנדערש שטעהט די פֿראַגע מיט דער סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד: די סאָציאַליזי-רונג פֿון דער ערד וועט אָבשוואַכען דעם צופֿלוס פֿון אַרבייטסלאָזע אין די שטעדט פֿון די דערפֿער און דעריבער קען די סאָציאַליזירונג פֿון דער ערד האָבען אַ בעדייטונג ניט נאָר פֿאַר דעם דאָרף, נאָר אויך פֿאַר דער שטאָדט; אָט דעריבער, ווען דיעזע פֿראַגע וועט קודם כל געלויזט ווערען קען זי אויך פֿערגרינגערען די לויזונג פֿון די איבעריגע פֿראַגען, כדי די אַרבייטסלאָזע זאָללען האָבען אַרבייט, איז נויטהיג, אַז די קאָמונע זאָל נעהמען זיך פֿאַר פֿיעל נייע אינדוסטריעלע צווייגען: פֿאַר וואַסערלויטונגען, עלעקטרישע בעלייכטונג, קאַנאַליזאַציע א. ד. ג., אַזוי לייגט פֿאַר דער חבר ש. אמת טאַקי, אַזוינע מיני אַרבייטען קען מען אויסטראַכטען אָהן אַ שיעור, פֿרעגט זיך אָבער, וואו וועט די קאָמונע נעהמען מיטלען, כדי אויסהאַלטען דיעזע אַרבייטער? מיטלען קען זי בעקומען נאָר פֿון דעם, וואָס זי וועט בייטען די סחורות פֿון איהרע קאָאָפּעראַטיווע חברות אויף די סחורות פֿון אַנדערע מקומות; אָבער דאָס ווייסען מיר שוין פֿון דער ערפֿאַהרונג, אַז אַזוינע קאָאָפּעראַציעס, וועלכע האָבען ניט קיין זיכערע קונים פֿאַם זייערע סחורות, קענען קוים קוים אויסהאַלטען איהרע אייגענע אַרבייטער, היינט וואו זאָל שוין די קאָמונע פֿאָרט נעהמען מיטלען פֿאַר די אַרבייטסלאָזע? ביני לביני וועלען זיך אַרבייטסלאָזע אַ לאָז טהאָן אין דער קאָמונע מאַססענווייז ניט נאָר פֿון די נעהענסטע ערטער נאָר אויך פֿון די ווייטעסטע און דער קאָמונע וועט דאָך אויסקומען פֿערזאָרגען די אַרבייטסלאָזע פֿון דעם גאַנצען לאַנד, — אָבער אַזאַ מין אויפֿגאַבע קען נעהמען אויף זיך נאָר אַ סאָציאַליסטישע מלוכה און ניט קיין בעזונדערע קאָמונע, מחמת דעמזעלביגען סמך קען זי אויך אויף זיך ניט נעהמען צו לויזען די וואהנונג-פֿראַגע, צו בויען הייזער און אָבגעבען זיי אומזיסט דער בעפֿעלקערונג צו וואהנען אין זיי. וואָס איז שייך די ווערקשטאַטען פֿון שובוואַרג אין קליידונג פֿאַר די מיטגליעדער פֿון דער קאָמונע, איז ווען אפילו דער קאָמונע וואָלט זיך אַיינגעגעבען צוזאַמענבינרען די שוס-

טער און שנײדער אין חברות, וואָלט דאָס אויך ניט געהאַט קײן גרויסע בעדײטונג פאַר דער סאָציאַלער רעוואָליוציע.

אָט אַזוי זעהען מיר, אַז די רעוואָליוציאָנערע קאָמונע, וועלכע „דאָס פרײע דיסקוסיאָנס בלאַט" שטעלט זיך פאָר, איז נאָך ניט קײן נײע מע-טהאָדע פון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע. די קאָמונע, ניט זײענדיג קײן זעלבסטשטענדיגע ווירטשאַפטליכע אײנהײט, איז ניט ביכולת צו אָרגאַניזי-רען די אויסאַרבײטונג און די פערטײלונג פון די פראָדוקטען אפילו צווי-שען איהרע מיטגליעדער, הײנט אַ פשיטא שוין פאַר דעם גאַנצען לאַנד; די קאָמונע איז פעהיג נאָר אויף דעם, אַז אין אײניגע אינדוסטריעלע צווײגען. זאָל דעם אָרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פראָדוקציאָן פערנעה-מען די קאָאָפּעראַטיווע, און אפילו דיזע קאָאָפּעראַציעס, וועלכע וועלען פיהלען פערשיעדענע שווערינקײטען פון דער טעכנישער זײט, וועלען זיך קענען האַלטען אויפ'ן מאַרק נאָר מיט גרויס מאַטערניש און אַלץ מחמת דעם, וואָס זײ וועלען ניט האָבען קײן ערפאַהרונג, ווי צו פיהרען גרויסע עסקים. חוץ דעם קען די שטאָדט קאָמונע גאָר נישט ניט העלפען דער אַרבײטסלאָזער מאַססע. די מעטהאָדע פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָ-ליוציע דאַרף בלײבען דיזעלביגע, ווי אַללע סאָציאַליסטען שטעלען זיך פאָר: מנצח זײן זײן דעם שונא אין דעם גאַנצען לאַנד און נאָכדעם זאָל די מלוכה אָרגאַניזירען מיט דער הילף פון די פראָווינצען און געמײנדען די פראָדוקציאָן און די פערטײלונג פון די פראָדוקטען. דאָס ווערט פאָרקו-מען ערשט אין יענעם מאָמענט, ווען עס וועלען פאַרטיג זײן יענע מאַטע-ריעלע און גײסטיגע בעדינגונגען (פּאָליטישע, טעכניש-עקאָנאָמישע און פּסיכאָלאָגישע), וועלכע זײנען נויטהיג כדי צו פערווירקליכען אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע.

די מיטאַרבײטער פון דעם „פרײען דיסקוסיאָנס בלאַט" האַלטען זיך דער מײנונג, אַז דאָס אַרבײטער פאָלק דאַרף בעזיצען נאָר כח, כדי דורכ-פיהרען די סאָציאַלע רעוואָליוציע. דער חבר ל. שרײבט אַזוי: „אין יענעם מאָמענט, ווען דער קאַמפּפס מעכאַניזם פון הײנטיגער רוססישער מלוכה ווערט פאַנאַנדערפאַלען אויף שטיקלאַך דורך דעם שטורם פון דער רעוואָ-ליוציע, אין דער צײט ווען דאָס אַרבײטער פאָלק צוזאַמען מיט דער רע-וואָליוציאָנער-סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ ווערט בעקומען די הערשאַפט און ווערט זיך אַנידערשטעלען פנים אל פנים געגען דער שוואַכער און ציטעריגער בורשזואַזיע, פרעגט זיך, וואָס ווערט קענען מישען דעם פאָלק, אַז ער זאָל פראָקלאַמירען אַ'ן אַללגעמײנע רעוואָליוציאָנערע קאָמונע און נעהמען זיך אײנפיהרען (כאָטש אפילו ביסלעכווײז) ראַדיקאַלע סאָציאַליס-טישע רעפאָרמען?" דער חבר ש. דריקט זיך אויס אַזוי: „באמת גערעדט, וואָס פאַר אַ כח געפינט זיך בײ יענע, וועלכע עס האַלטען דאָס פאָלק אין עקאָנאָמישער שקלאַפערײ? דער כח זײערער בעשטעהט אין דעם, וואָס בײ זײ אין די הענד זײנען די ערד, די פאַבריקען, די זאַוואָדען, די ווערקשטאַטען, אין וועלכע עס אַרבײטען מיליאָנען מענשען. אויב אָבער

די מיליאָנען מענשען ווען דאָס אַל'ץ אָבגעהַנען ביי זיי, און וואָס וועט דאַמאָלס בעשטעהן זייער כח? דאַמאָלס וועלען זיי זיין ביכולת מישען אונז אין אונזער אַרבייט צו פֿערווירקליכען די סאָציאַליסטישע פֿאָדערונגען? זעלבסטפֿערשטענדליך, אַ ז נ י ט, ווייל זייער בעשיצערין, די זעלבסטהער-שונג, וועט אויך זיין צופֿליקט אויף שטיקלאַך און דאָס פֿאָלק וועט זיין בעוואָפֿענט" (נומער 1, זייטע 6). כדי צו ענטפֿערען אויף דיזע ווערטער מוזען מיר אָנווייזען אויף אַ גאַנץ איינפֿאַכער וואהרהייט, אַז צוליעב דער פֿערווירקליכונג פֿון דעם סאָציאַליזם זיינען נויטהיג אָט דיזע זאַכען: 1) אַז די מאַכט זאָל אַריבערגעהן צו די סאָציאַליסטיש-געזאָנענע מאַססען, 2) אַז די פּראָדוקציאָן זאָל שוין זיין אין אַ געוויססער מאָס קאָנצענטרירט (פֿערגעזעלשאַפֿטליכט), ווייל עס איז אונמעגליך צו אָרגאַניזירען פּלאַנמע-סיג די פּראָדוקציאָן פֿון מילליאָנען קליינע ווירטשאַפֿטען (די קאָנצענטרי-רונג דאַרף גאָר ניט זיין דוקא אַ קאַפּיטאַליסטישע), 3) און אויך דאָס, וואָס קאַוטסקי האָט אָנגערופֿען מיט'ן נאָמען פּסיכאָלאָגישע בעדינגונגען פֿון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע,—ד. ה. ענטוויקלונג, דיסציפּלין און אָר-גאַניזאַטאָרישע טאַלענטען ביי די אַרבייטער, — דאָס זיינען אַלץ אַזוינע מעלות, וועלכע מען קען ניט בעקומען אין איין מינוט אָדער אין אַ קליי-נער צייט. די אַרבייטער קענען אפילו זעהר שטאַרק פֿיינד האָבען די בור-שזואַזיע, זיי קענען קלאָר פֿערשטעהן די הויפּט פּרינציפּען פֿון דעם סאָ-ציאַליזם און גאַרען נאָך אַ נייער אָרדנונג; זיי קענען אפילו האָבען אַזוי פֿיעל כח, אַז זיי זאָללען מנצח זיין די בורשזואַזיע און בעמעכטיגען די פּראָדוקציאָנס מיטלען, גאָר דאָס אַלעס געניגט נאָך ניט צוליעב אַ סאָציאַ-ליסטישע איבערקעהרעניס. אויב די אַרבייטער זיינען נאָך ניט אים שטאַנד צו אָרגאַניזירען די פּראָדוקציאָן און דערצו זיינען נאָך די טעכניש-עקאָנאָ-מישע בעדינגונגען ניט אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט, איז אין אַזאַ פֿאַל נעה-מען זיך פֿאַר דיזען ענין הייסט דאָס טראַכטען ווי יענע לייכטזיניגע פֿוי-געל, וואָס האָט געקליבען זיך אונטערצינדען דעם ים.

אויב אפילו די אָנקומענדע רעוואָליוציע וועט נאָך ניט זיין קיין סאָ-ציאַליסטישע, הייסט דאָס נאָך ניט, אַז זי וועט זיין אַ ריין פּאָליטישע; אונזער קאַמפּף, און אויך דער קאַמפּף פֿון דעם פֿאָלק, שטעלט זיך קודם כל דעם ציעל, אַז די ערד זאָל אַריבערגעהן צום פֿאָלק; דאָס אַלליין איז שוין אַ מורא'דיגע רעוואָליוציע און אַ מעכטיגער קלאַפּ דער קאַפּיטאַליס-טישער אָרדנונג, הגם די פּראָדוקציאָן און די פֿערטיילונג פֿון די פּראָדוק-טען וועלען בלייבען ווי פֿריהער אויף דעם קאַפּיטאַליסטישען שטייגער. אַזוי ווי אין דער הויך-ענטוויקעלטער אינדוסטריע זיינען מיר נאָך ניט אימשטאַנד אין דער צייט פֿון דער נאָהענסטער רעוואָליוציע צו אָרגאַניזי-רען די פּראָדוקציאָן אויף סאָציאַליסטישע יסודות, און זי וועט מוזען ביז אַ צייט בלייבען אין די הענד פֿון דער בורשזואַזיע, דעריבער קען די פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָליוציאָנערען אַרויסשטעלען איהר פּראָגראַם מינימום, וועלכע שטרעבט צו פֿערווירקליכען די נאָהענסטע ציעלען: אין

די פֿראגען פֿון דער אַרבייטער געזעצגעבונג „צו בעשיצען די גייסטיגע און די פֿיזישע קרעפֿטען פֿון דעם אַרבייטער קלאַסס און העכער מאַכען זיין פֿעהיגקייט צו דעם ווייטערדיגען בעפֿרייאונגס קאַמפּף“ א. ד. ג. (זעה דעם פראָיעקט פֿון דעם פראָגראַם פֿון דער פּ. ס. ר.); אין די פֿראַגען פֿון דער שטאָדט ווירטשאַפֿט שטעהט די פּאַרטיי פֿאַר דעם, אַז די שטאָדט-געמיינדע זאָל האָבען די ברייטעסטע רעכטע צו אַרויפֿלייגען שטייערען אויף די אונבעוועגליכע גיטער און אָבנעהמען זי ביי זייערע בעלי בתים און אויך דאָס רעכט צו פֿיהרען אַזאַ פּאָליטיק, וועלכע זאָל גינסטיג זיין דער ענטוויקלונג פֿון קאָאָפּעראַציעס אויף ריין דעמאָקראַטישע פּרינציפּען.

מאַכענדיג דעם סך הכל צו אַלעס דעם, וואָס מיר האָבען דאָ געזאָגט, מוז מען קודם כל פֿעסטשטעלען, אַז די האָפֿנונגען פֿון די מיטאַרבייטער פֿון „דעם פֿרייען דיסקוסיאָנס בלאַט“ שטאַמען פֿון דעם, וואָס זיי פֿערשטעהן ניט, ווי גרויס און פֿערוויקעלט איז די אויפֿגאַבע, מיט וועלכע מיטלען איז מעגליך זי צו לויזען און ווי פֿערהאַלט זיך דאָס רוססישע פֿאָלק צום סאָציאַליזם. מיר אָבער קענען זאָגען נאָר דאָס: 1) אין דער קריעגס צייט פֿון דער רעוואָליוציע וועט דעם פֿאָלק אויסקומען אין די שטעדט צו אָרגאַניזירען די שפּייזונג פֿון די איינוואָהנער; עס איז זעהר נויטהיג גוט אַרומטראַכטען, ווי צו לויזען דיעזע פֿראַגען. די פּאַריזער קאָמונע קען אונז דיענען פֿאַר אַ ווענוייזער. 2) די לאַנדווירטשאַפֿטליכע מאַשינען, וועלכע די פּויערים וועלען אַריינכאַפּען אין זייערע הענד אין דער צייט פֿון דער רעוואָליוציע, קענען דיענען פֿאַר אַ התחלה צו לאַנדווירטשאַפֿטליכע קאָאָפּעראַציעס אין דאָרף. די בעאַרבייטונג פֿון דיעזע פֿראַגען וועלען האָבען אַ גרויסע בעדייטונג פֿאַר דעם סאָציאַליזם.

---